פערלאג די „פראלעטארישע וועלט".

פיליפ קראנץ.

# קלארע דבורים

## צו אידען בכלל און ארבייטער בפרט.






ווילנא — 1907.

דרוקעריי פון וויטווע און געברידער ראם.

Открытое Слово къ еврейскому рабочему.

# אַ שטיקעל הקדמה.

וואָס עֶס האָט געָזאָלט זײַן אַ פאָרטראַג אויף אַ פעָרזאַמלונג פון דעָר אידישעָ־ סעָקציאָן פון דעָר פּ. פּ. ס. ד. אין לעָמבעָרג, זאָל יעָצט זײַן אַ ביכעָל.

איך האָב ניט געָמיינט און האָב גאָר ניט ברעה אויס־צואַרבײַטעָן עֶפּעָס אַ „נײַעָ פּראָגראַם" אָדעָר אויסצו־פּיטלעָן עֶפּעָס אַ „נײַעָ טהעָאָריעָ" ספּעָציעָל פאַר דעָם „אויסעָרוועָהלטעָן פאָלק", זאָנדעָרן פּשוט אויסצודריקעָן די מײנונג פון אַן׳אַלטעָן אידיש־שפּרעָ־כעָנדעָן סאָציאַל־דעָמאָקראַט איבעָר די, זאָ צו זאָגעָן, ברעָנעָנדעָ טאַגעָספראַגעָן אין געָוויסעָ „חדרים" פון דעָר אידישעָר גאַס, ווי ווײַט איך האָב זײַ קעָנעָן געָלעָרנט דורך מײן בעָקאַנשאַפט מיט די פאָרשטעָהעָר און מיט דעָר ליטעָראַטור פון די פעָרשײדעָנעָ אידישעָ פּאַרטײַעָן.

פּראָגראַמעָן פעָהלעָן בה"ש ניט בײַ אונז אידעָן. מיר האָבעָן זײַ ביז איבעָר׳ן קאָפּ. זײַ „פּרוכפּעָרן" זיך קײן עין הרעה גאַנץ שנעָל און מאַכעָן זיכעָר מעָהר געָטומעָל אין די קלײנעָ און גרויסעָ גהעָטאָס, ווי זײַ פעָרדינעָן עֶס. אַלעָ ווענדעָן זיך צום אַרבײַטעָר, אַפּעָלירעָן צו איהם און מאַקעָ נאָר צו איהם, אַרויסשטעָלעָנדיג איהם פאַר אַ רעָטעָר פון גאַנצעָן יודעָנטהום. דעָר אַרבײַטעָר, דעָר בעל־מלאכה, מיט וועָלכעָן מעָן האָט זיך גאָר ניט לאַנג צוריק געָשעָמט אין דעָר אידישעָר משפּחה, איז יעָצט אַרײַן אין דעָר מאָ־דעָ. עֶר איז דעָר העָלד, דעָר נײַעָר דור וואָס וועָט מיט אַ שטײַנ־דעָל דעָרהרג׳עָנעָן דעָם אַנטיסעָמיטישעָן גלית און וועָט ברײַנגעָן משיח׳ס צײַטעָן אין ארץ ישראל גופא, אָדעָר עֶרגעָץ סתם אין אַ טעָריטאָריעָ.

אָבער האָט זיך וועגען דיזען אונגליקליכסטען פון אַלע אונגליק־ליכע ישראליקס געקימערט נאָך אפילו מיט אַ יאָהר צעהן צוריק, אויסער אַ קליינע צאָהל אינטעליגענטען, און גראַדע אַ סימפּאַטי־שע אינטעליגענטען, וועלכע האָבען נאָך ניט פערגעסען דעם מאַמע־לשון און וועלכע האָבען איהם געוואָלט אויפקלערען אַביסעל און אַריינשלעפּען אין די רייהען פון דעם קלאַסענבעוואוסטען פּראָ־לעטאַריאַט, פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע? אָבער יעצט האָט ער געקראָגען אַזוי פיעל נייע „פריינד“! ... די אמת׳ע בלוי־ווייסע ציוניסטען, די רויטליכע ציוניסטען, די סאָציאַ־ליסטישע פּועלי־ציון, די טעריטאָריאַליסטען, די סיימיסטען און ווער ווייס ווי דיזע אַלע קליינבירגערליכע „אידעאָלאָגען“ רופען זיך היינט — זיי אַלע רייסען דעם אַרבייטער פאַר די פּאָלעס און שלעפּען איהם צו זיך אין קלייזעל. „קום צו אונז, גוטער ברודער, טייערער שניידער, זיסער שוסטער, קום אין אונזער קלייזעל, דאָרט וועסטו געהאָלפען ווערען פון אַלע דיינע צרות, דאָרט וועסטו ווערן אַ מענש צוזאַמען מיט כל ישראל. דאָ אין גלות איז גאָר קיין רעטונג פאַר דיר ניטאָ. מיר וועלען דיך פיהרען, ניין! דו, ברודער, מיט דיין שטאַרקער האַנד וועסטו אונז פיהרען אין אַ אייגענע לאַנד, וואו מיר וועלען אַלע געגליקט ווערן“.

און ער, דער נייער משיח? ער לעבט נעבעך אין געהאַקטע צרות, ווי געוועהנליך, נאָר יעצט ווערט נאָך זיין קאָפּ צוטומעלט פון דער נייער תורה, פון אַ נייעם סאָרט אתה־בחרתנו׳ניזמוס מיט „פּראָלעטאַריזאַציעס“, „העכערע און ניעדעריגע פּראָלעטאַריער“, מיט „היסטאָרישע נאָטווענדיגקייטען פון אַ טעריטאָריע“, מיט מאַרק־סיזמוס אין אַ יאַרמולקע, מיט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין לשנה הבא בירושלים און מיט אַ גאַנצען אַרסענאַל פון האָרשפּאַל־טענדע חקירות, פון וועלכע אפילו אַן׳אינטעליגענט קען קריגען אַ קאָפּ־ווייטאָג. ער, דער צוקינפטיגער העלד פון דעם נייעם אתה בחרתנו־ניזמוס, ער זוכט נאַטירליך אַן׳אויסוועג פון זיינע היינ־טיגע צרות, ער וויל געווים פערבעסערן זיין לאַגע; אָבער ביי דעם ערשטען שריט שטויסט מען איהם צו פערקירעווען זיך אויף זייטיגע וועגען, צו פערקריכען אין אַ וועלט פון חלומות, פון בורזשואַזע פלוידערייען.

זיינע שוואַכע קרעפטען דרען נאָך אַלעמען איז דער ניי־געבאָ־

רענער אידישער פראָלעטאַריאַט אַ גאַנץ קליינער טהייל פון דער אידישער בעפעלקערונג—ווערן אַזוי נאָר צוברעקעלט און צופּיצעלט. אָט דאָ אין גאַליציען קריעגט דער אידישער אַרבייטער אַזאַ קלעג־ליכען לוין, אַז עס איז איינפאַך אַ וואונדער, וויא אַזוי ער קען דערהאַלטען דיא נשמה אין גוף. עס איז ניט אַ לעבען, נאָר אַ לאַנגזאַמע אויסהונגערונג. און דאָך, אַנשטאָט צו פעראייניגען זייערע שוואַכע קרעפטע, אַנשטאָט צו קעמפּפען אַלע צוזאַמען צו פערבעסערן זייער לאַגע, זיינען זיי צוטהיילט און צוגליעדערט. דאָ געהערט אַ פאַך־פעראיין צו דיא פּועלי־ציון, דאָרט צו דיא סעפּאַ־ראַטיסטען, אין אַנ'אַנדער אָרט צו דיא פּ. פּ. ס. ד. ווען דיא סעפּאַ־ראַטיסטען רופען אַ פערזאַמלונג פון אַרבייטער, קומען דיא פּועלי־ציוניסטען איהר צו שטערען, און פערקעהרט. ווען אַ פאַך, וואָס איז אונטער דער לייטונג פון איין קלייזעל, סטרייקט, דאַן זיינען דיא אַנדערע קלייזלאַך גאַנץ גלייכגילטיג דערצו, עפּעס אַזוי וויא דאָס וואָלט גאָר געווען אַ זייטיגע זאַך פאַר אַרבייטער. און דאָס איז נאָך גוט, דען עס טרעפט אויך, אַז איין פאַך האָט צוויי פערשיעדענע פעראיינען, וועלכע בעקעמפּפען איינע דיא אַנדערע אפילו אין דער צייט פון אַ סטרייק!...

מיר איז אויסגעקומען ביי־צו־וואָהנען אין לעמבערג אַ גרויסע פערזאַמלונג פון האַנדעלס אָנגעשטעלטע, פון פּריקאַזטשיקעס, וועלכע געהערען צו דער פּ. פּ. ס. ד., און דאָרט האָב איך געזעהען איינע פון אַזעלכע ברידער־מערדערליכע אַטאַקעס: מיטגליע־דער פון דעם פעראיין פון האַנדעלס־אַנגעשטעלטע, וועלכע געהע־רען צו דיא פּועלי־ציון, זיינען געקומען איינפאַך צו צושטערן דיזע פערזאַמלונג, וויא זיי האָבען עס פריהער געטאָן אין קראַקאָוו, נאָר דיזעס מאָל איז געלונגען זיי שנעל אַרויסצושליידערן פון זאַאַל.

קורץ, איך האָב אויסגעפונען, אַז עס הערשט יעצט אַ זעלבסטמערדעריש־ענדע צוברעקלונג, אַ געפעהרליכער פּלאָנטער אין דיא רייהען פון דיא אידישע אַרבייטער, און דאָס האָט מיך בעוואָ־גען צו זאָגען דיא „קלאָרע דיבורים", וועלכע איך האָב איבערגע־געבען מיינע געזינונגס־געגאָסען צום דרוק מיט דער האָפנונג, אַז דיזע דיבורים וועלען ניט בלייבען וויא אַ קול אין דער מדבר.

נאל ציען, סעפטעמבער 1906.   פּ. קראַנץ.

# קְלָארֶע דִיבּוּרִים

## צוּ אִידֶען בִּכְלַל אוּן אִידִישֶׁע אַרְבֵּייטֶער בִּפְרַט.

---

אִיךְ ווֶעל דאָ לאָזֶען אָן אַ זַייט די פראַגע, אוֹיבּ אִידֶען זַיינֶען אַ נאַציאָן אִין פוּלֶען זִינֶען פוּן דִיזֶען וואָרט, מִיט אַלֶע פּרטים, מִיט אַלֶע פִּישצֶעוּקֶעס; אָדֶער זַיי זַיינֶען אַ נאַציאָן מִיט אֵיינִיגֶע אוֹיסנאַהמֶען מִיט אַ מִין „אתה־בחרתנו־נִיזמוּס", וואָס זאָל שטאַמֶען נאָךְ פוּן ערשטֶען חורבן אָן אָדער פוּן לאַנגֶען גלות; אָדער אפשר זַיינֶען זַיי גאָר קֵיין נאַציאָן נִיט, נאָר אַ רעלִיגִיעֶזֶע סעֶקטֶע....

אִיךְ ווֶעל אוֹיךְ לאָזֶען אָן אַ זַייט די נַיי־גֶעבּאַקֶענֶע טהעאָריעֶס פוּן די אַלֶערלַיי פּועלי־ציוֹן אוּן טעֶריטאָריאַלִיכטֶען, ווֶעלכֶע האָבֶּען צוּגֶעטשֶעפּעט צוּ דעם אַלטֶען קלאָגֶעדִיגֶען „לשנה הבאה בירושלים" פִּיצלעֶךְ פוּן דעם הִיסטאָרִישֶׁען מאַטעֶריאַלִיזמוּס אוּן ווֶעלכֶע בּעֶצִירֶען אַלץ מעֶהר אוּנזעֶר גרויסֶען צלוועֶלטלִיכֶען לעֶהרעֶר קאַרל מאַרקס מִיט אַ לאַנגעֶר קאַפּאָטעֶ, מִיט פּיאות'ן אוּן אפילוּ מִיט אַ שטרַיימעֶל..

אִיךְ ווֶעל ווַייטעֶר נאָר אַבּיסעֶל בּעֶריהרֶען די נאַציאָנאַל־קוּלטוּרעֶלעֶ פעֶרדרַייהעֶנִיסֶען פוּן דעם „בּוּנד", ווֶעלכעֶר האָט לַיידעֶר די לעֶצטֶע יאָהרֶען צרוּגִיטאַנצט צווִישֶׁען צוויי שטוּהלֶען אוּן ווֶעלכֶער וועט יעֶצט, נאָךְ דעם לאָגִישֶׁען בּעֶשלוּס פוּן דעם לעֶצטעֶן צוּזאַמֶענפאָהר פוּן דיזֶען טהֵייל פוּן אִידִישֶׁען פּראָלֶעטאַריאַט, האָפעֶנטלִיךְ אַרויסטרעֶטֶען אוֹיף דעם ריינֶעם סאָציאַל־דעמאָקראַטִישֶׁען וועג אָהן שום ערב־רב ...

אוּם דאָס אַלֶעם גרִינדלִיךְ פאַנאַנדעֶר צוּ גליעֶדעֶרן אוּן צוּ ערקלעֶרן, דאַרף מעֶן אָנשרַייבּעֶן אַ גאַנצֶען בּוּךְ אָדעֶר ווַינִיגסטעֶנס עֶטלִיכֶע לאַנגֶע אַרטִיקלֶען אִין אַ מאָנאַטלִיכֶען זשוּרנאַל. אִיךְ ווֶעל עס טאָן, האָפֶענטלִיךְ, אִין אַ קוּרצעֶר צַייט אַרוּם, ווַיילֶע עס אִיז זעֶהר נויטִיג אַרַיינצוּבּרַיינגעֶן קלאָרהַייט אִין די מוחות פוּן די נאָךְ אֵייגעֶנטלִיךְ גאַנץ ווַיינִיג אוֹפגִיקלעֶהרטעֶ אִידִישֶׁע אַרבּייטעֶר, ווֶעלכֶע לאָזעֶן

זיך פערשלעפּען אין דער ציוניסטישער חלום־וועלט אַזש ביז אַ טעריטאָריע חאָטש אויף דער לבנה... דערווײַלע וועל איך מיך ניט פערנעהמען מיט פּאָלעמיקעס און אפילו ניט מיט טהעאָריעס און וועל אײַנפאַך ווארפען אַ קלאָרען און פּראַקטישען בליק אויף דעם, וואָס עס טהוט זיך אין דער ווירקליכקייט אַרום אונז, אום דערפון צו שליסען, ווי אַזוי מיר דאַרפען זיך פיהרען, ווי אַזוי מיר דאַרפען האַנדלען אין דער ווירקליכקייט.

* * *

אַלזאָ, וואָס זעהען מיר אין דער ווירקליכקייט, ווען מיר ווילען ניט אָנטאָן ציוניסטישע אָדער טעריטאָריאַליסטישע שפּאַקולען און ווען מיר סטאַרען זיך צו בעטראַכטען די גרויסע אַרומיגע וועלט מיט אָפענע אויגען?

צוערשט זעהען מיר, אַז מיר לעבען טאַקע אין גלות; אָבער יעדערער אין אַבעזונדערען גלות. אידען זײַנען טאַקע צו־שפּרייט איבער דער גאַנצער ערד, אָבער כמעט אין יעדען לאַנד האָבען זיי בּיסלעכווייז אָנגענומען אַבעזונדערע פיזיאָ־גנאָמיע. די ציוניסטען און אין אַלגעמיינען אידישע נאַציאָנאַליסטען טענה'ן אַלץ וועגען אידען בכלל. אוים דעם, וואָס אויף זייערע קאָנגרעסען האָבען זיי געהאַט פערטרעטער פון פערשיעדענע לענ־דער, האָבען זיי געשלאָסען, אַז אַלע אידען האָבען איין פּנים, און מעסטען זיי אַללעמען מיט איין מאָס. אָבער אין דער אמת'ן איז עס גאָר ניט אַזוי. ווען מען רעדט וועגען אידען, מ׳ז מען פרעגען: וועלכע אידען מיינט מען? מיינט מען עס די קאַווקאַזער אידען, וועלכע זעהען אויס ווי טשערקעסען? מיינט מען עס די אַזיאַ־טישע אידען, פון וועלכע איינינע האַלטען נאָך אַלץ ניט פון דעם חרם דרבנו גרשון און האָבען זיך עטליכע ווייבער גאָר ניט להבדל ווי די טערקען? מיינט מען עס די מאַראָקקער אידען, וועלכע זיי־נען פערווילדערט געוואָרען צווישען די מאַהאָמעדאַנער זייט גלות שפּאַניען? מיינט מען עס די דייטשע, פראַנצויזישע, ענגלישע, פּוילישע, רומענישע, רוסישע אידען, אָדער אפשר גאָר די אידען אין ירושלים אונטער דער הערשאַפט פון איהר מאַיעסטעט די בריסקער רבי'צען?

פּרובירט נאָר צוזאַמענצושטעלען אַ „ייִדען־שטאַדט" ניט אין

דער פאַנטאַזיע, נאָר טאַקע אין דער ווירקליכקייט, וועם איהר זעהען, ווי וויים דיזע אידען וועלען ניט שטימען אין זייערע פּיה־רונגען, שטרעבונגען, מיינונגען און אידעאַלען; וועט איהר זעהען, ווי הימעלוויים עס איז, צום ביישפּיעל, אַן עכט־פראַנצוזישער איד פון אַן עכט־טערקישען. אַלץ הייסט אידען! פון זיי אַלעמען וויל מען עס מאַכען איין קאַשע, אַ ציוניסטישע געריכט, וואָס זאָל אַלע־מען שמעקען, וואָס זאָל פאַר אַלעמען האָבען איין טעם! זיי אַלע־מען וויל מען צוזאַמענשמעלצען אין איין נאַציאָן, ווען זיי קענען זיך אפילו ניט צוזאַמענרעדען אין איין שפראַך! וואָס פאַר אַ קינדער־שפיעל, וואָס פאַר אַ חלום, וואָס פאַר אַן אונזין! נעהמט צוועק ביי דיזע אַלע טיפען, וועלכע האָבען זיך אויסגעבילדעט דורך אַ פערשיעדענעם לעבען, אונטער פערשיעדענע אומשטענ־דען אין אַ פערשיעדענעם גלות־לאַנד — נעהמט ביי זיי אַ וועק די רעליגיאָן, צוליעב וועלכע זיי טראָגען נאָך אַלע דעם נאָ־מען אידען (די קאַראַימער, צום ביישפּיעל, ווערען דאָך ניט גע־רעכענט פאַר אידען, אָבגלייך זיי שטאַמען נאָך אפשר מעהר פון די בני ישראל, ווי מיר), וואָס חעט פון זיי בלייבען אין אַ נאַציאָ־נאַלען זינען? וועט דען דער פראַנצויזישער איד ניט ווערן גלייך אַ פראַנצויז פון פראַנצויזען־לאַנד, דער טערקישער איד — פון טער־קען־לאַנד, דער פוילישער איד — פון פוילען־לאַנד א. ז. וו.?

קורץ, ווען מען רעדט וועגען אידען, דאַרף מען ניט נאָכ־טאַנצען דיא אַנטיסעמיטען, וועלכע קריכען פון הויט איינצורעדען דעם עולם, אַז אַלע אידען זיינען איין נאַציאָן אָדער בילדען עפּעס אַ מין הברה כל ישראל חברים; זאָנדערן מען דאַרף זיי ספּעציפיציר ען, בעזאָנדערס ווען מען האָט אין אויג פּראַקטישע צוועקען, ניט סתם חלומות, ניט סתם בויך־כברות וועגען אַ „יודענשטאַאַט“ אין דער וועלט אַריין.

און דאַן, ווען מיר קוקען נאָר אַזוי, דאַן זעהען מיר, צוויי־טענס, אַז יעדער איד איז מעהר אָדער ווייניגער צוגעבונדען צו דעם לאַנד, אין וועלכען ער איז געבאָרען און ערצויגען געוואָרן, אין וועלכען ער לעבט און קעמפּפט. דאַן זעהען מיר ווייטער, אַז וואָס העכער עס שטעהט דיא קולטור פון אַ לאַנד, אַלץ שנעלער און טיעפער אַסימילירט זיך דאָרט דער יוד. דאָס זיינען פאַקטען, וועלכע מען קען ניט אָפּשטרייטען, סיידען מען וויל

צומאַכען דיא אויגען און שרייען, אַז עס איז פינסטער. מיט קיינע פראַזען וועגען אַ „גליקליכע צוקונפט" אין אַן „אייגען-לאַנד" וועט מען ניט אַרויסרייסען פון הארצען דיזען נאַטירליכען געפיהל צו דעם געבורטס-לאַנד, וואו עס זאָל זיך ניט געפינען; מיט קיינע „טהעאָריעס" וועגען „דיא נויטוועגדיגקייט פון אַ טעריטאָריע פיר אידען" וועט מען ניט אָבשטעלען דיא ראָד, וועלכע קייקעלט זיך שטענדיג אויף דעם וועג פון אַסימילאַציאָן.

יאָ, אויף דעם וועג פון אַסימילאַציאָן, ווייניגסטענס פון עקאָנאָמישע און פאָליטישע אַסימילאַציאָן! ביי דיא ציוניסטען איז עס אַזוי וויא תורת משה ביי פרומע אידען, דאָס דיא אַסימילאַציאָן איז דורכגעפאַלען, דאָס זי האָט ניט נאָר ניט געלעזט דיא אידיש: פראַגע, זאָנדערן זיא וועט עס קיין מאָל ניט קענען לעזען, אונטער קיינע אומשטענדען. דאָס איז אָבער בלויז אַ פראַזע, וועלכע קען נאָר האָבען אַ זינען אין דעם פאַל, ווען אונטער דעם וואָרט אַסימילאַציאָן פערשטעהט מען ניט אַנדערס, וויא פאָלשטענדיגע צוזאַמענמישונג און צוזאַמענשמעלצונג מיט דיא אַרומיגע פעלקער, פראָסט גערעדט, אַן אַלגעמיינען שמד. צו אַזאַ אַסימילאַציאָן האָבען אפשר געשטרעבט די ערשטע משכילים נאָך מענדעלסאָהן'ס טויט, וואָס עס האָט זיך אויסגעדריקט אין דיא בעריהמטע „בערלינער טויפונגען"; אָבער נאַכהער איז דיא אַסימילאַציאָן אַוועק אויף איהר נאַטירליכען קולטורעלען וועג, נעמליך: אויף אַ צופּאַסונג פון אידען צו דיא נייע אַרומיגע לעבענסבעדינגונגען. מיר מוזען גלייך ערקלערען, דאָס ווען מיר ריידען וועגען אַסימילאַציאָן, פערשטעהען מיר עס אָט אין דיזען לעצטען זינען.

וואָס דיא יעצטיגע אידישע נאַציאָנאַליסטען זאָלען ניט מענה'ן, וואָס פאַר נייע טהעאָריעס זיי זאָלען ניט באַקען און נאָך מעהר פערפלאָנטערן דיא זעהר פערפלאָנטערטע נאַציאָנאַלע פראַגען; אָבער לייקענען, אַז דיא אַסימילאַציאָן האָט געווירקט און הערט ניט אויף צו ווירקען אויף אידען אין אַלע קולטור-לענדער, הייסט איינפאַך לייקענען פאַקטען. דיא זעלבע ציוניסטען, וואָס ביי זיי לייגט זיך אַזוי לייכט און איינפאַך אויפ'ן שכל, דאָס עס איז מעגליך און אַ פערהעלטניסמעסיג נאָהענטער צוקונפט אויפצובויען אַ „יודענ-שטאַאַט", ווילען גאָר ניט נעהמען אין אַנבעטראַכט, אַז מנהגים און געוואָהנהייטען פערשווינדען זעהר לאַנגזאַם, אַז יעדע אַסימילאַציאָן

מוזאָנגײַן לאַנגזאַם, וויא איבערהויפּט יעדע געזעלשאַפט־ליכע ענדערונג; אַז דיא אידען פון דיא גהעטאָס האָבען ניט געקענט באַלד ווערן „דײַטשען".

אין דיא פּאָרטגעשריטענערע לענדער איז דער אַסימילאַציאָנס־פּראָצעס אָנגעגאַנגען שנעלער, וויא אין דיא הינטערשטעליגע לענדער, וואָס עס איז ווידער נאַטירליך. גראַדע דאָרט, וואו אידען האָבען מעהר פרײַהײַט, גראַדע דאָרט אַסימילירען זײַ זיך שנעלער, לײַכטער און גרינדליכער. ווען עס וואָלט געווען פערקעהרט, אָדער ווען עס וואָלט פּאָרגעקומען, אַז דיא אידען וואָלטען זיך איבעראַל גלײַך אַסימילירט, דאָס הײַסט ווען דיא ספּעציעלע קולטור און דיא ספּע־ציעלע געשיכטע פון יעדען לאַנד וואָלטען ניט געווירקט אויף זײַ ספּעציעל, וואָלטען ניט אַרויסגעצײַגט אויף זײַ אַבעזונדערן שטעמפּעל — ערשט דאַן וואָלטען דיא יעצטיגע נאַציאָנאַליסטען, אונזערע מאָדערנע אתה־בחרתנו'ניקעס, געקענט מיט רעכט בעהויפּטען, אַז „דיא אַסימילאַציאָן האָט בעוויזען, דאָס זיא קען ניט גרינדליך ענדערן דעם שטאַנד און דיא לאַגע פון אידישען פאָלק".

זיא האָט אָבער ניט נאָר בעוויזען, אַז זײַט מענדעלססאָהן'ס צײַט, ספּעציעל זײַט דיא גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, האָט זיך אַ גרויסער טהײַל פון אידען אין אַלע אוראָפּעאישע לענדער אַסימילירט; זאָנדערן אַז דער זעלבער נאַטירליכער פּראָצעס דרינגט אַרײַן אין דיא פּערוואָרפענסטע ווינקלען, אין דיא עלטעסטע און אָבגעזונדערסטע פון דיא אַמאָליגע גהעטאָס. דיא צאָהל פון דיא אידען אין דיא ווירקליכע גלות־קלײַדער — איך מײַן דיא „נאַציאָ־נאַלע" לאַנגע קאַפּאָטעס מיט דיא גאַרטלען, ספּאָדקעס, שטרײַמלעך א. ז. וו. — מיט דער ווירקליכער גלות־שפּראַך — איך מײַן אונזער אָרימען דײַטשען זשאַרגאָן — דיא צאָהל פון אַזעלכע אידען ווערט אַלץ קלענער אפילו אין דיא פּערוואָרפענסטע ווינקלעך פון גאַליציען, אין דיא שטאַרקסטע פעסטונגען פון דעם חסידיזמוס, וועלכער איז געווען און בלײַבט נאָך דער שטאַרקסטער מויער געגען אַסימילאַציאָן.

דער חסידיזמוס שטאַרבט אָב און מוז אָבשטאַרבען, ווײַדער מײַסטענס צוליעב עקאָנאָמישע אורזאַכען, ווי יעדערער, וואָס אַת פּיעל־ווינציג בעקאַנט מיט די גאַליציאַנער אומשטענדען, ווײַס עס. נאָר, נאַטירליך, עס וועט נאָך דויערן אַ לאַנגע צײַט ביז ד' לעצטע שטרײַמעל וועט אויך פערשווינדען אין אַלע שטעטלעך פון גא־

ליציאָן; אָבער מיר מעגען זיכער זיין, אַז מיט יעדען נייען דור וועט מען אַלץ זעלטענער זעהען אַ אידען מיט אַ שטריימעל.

דאָס לעבען איז שטאַרקער פון אַלע חקירות, פון אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסען, פון אַלע אידעאָלאָגישע שטרעבונגען. ניט אירגענד וועלכע „איזמוסען", ניט אירגענד וועלכע מהעאָריעס האָבען געצוואונגען, צווינגען און וועלען צווינגען די אידען אַרויסצורייסען זיך פון די ענגע און פינכטערע גהעטאָס אין דער גרויסער און ברייטער וועלט אַריין, זאָנדערן איינפאַך דאָס לעבען, דער קאַמפף אומס דאַזיין. די אַכּימילאַציאָן איז ניט בלויז דער רעזולטאַט פון השכלה, פון דער גייסטיגער בעוועגונג, פון דער נאַטירליכער שטרעבונג צו אייראָפּעאישע בילדונג, זאָנדערן אויך, און טאַקע הויפּטזעכליך, דער רעזולטאַט פון עקאָנאָמישע אורזאַכען. די אידען וואָלטען איינפאַך ניט געהאַט מיט וואָס צו לעבען, ווען זיי וואָלטען זיך ניט צוגעפּאַסט צו די נייע אומשטענדען, צו די נייע פאָרמען פון געזעלשאַפטליכען לעבען, וועלכע די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן האָט אַרויסגערופען. דיזע עקאָנאָמיש-געצוואונגענע צופּאַסונג צו די לעבענס-בעדינגונגען פון די פעלקער, צווישען וועלכע די אידען וואָהנען — דאָס איז אייגענטליך די אַסימילאַציאָן. זי איז אַלזאָ אַ היסטאָרישׁ מאַטעריאַליסטישע און דאַרום אויך אַ געזעלשאַפטליך נויטווענדיגע.

דערמיט מיין איך אָבער אויף קיין פאַל ניט צו זאָגען, אַז איך בין אַנ'אַסימילאַטאָר, אָדער אַז די קלאַסענבעוואוסטע אידישע אַרבייטער, די סאָציאַל-דעמאָקראַטען אָהן זייטיגע פערדרייהעניסען, אָהן שום אתה-בחרתנו'ניזמוס, צו וועלכע איך געהער, דאַרפען זיין אַסימילאַטאָרען; אַז מיר זאָלען, זאָ צו זאָגען, טרייבע די אידען אין שמד אַריין.

ניין, מיר זיינען ניט אַכּימילאַטאָרען און מיר שטרעבען אויך ניט דווקא צו אַסימילאַציאָן. מיר זיינען איינפאַך נייטראַל צו דער פראַגע. מיר שטרעבען צו גאַנץ עטוואָס אַנדערעס, מיר האָבען פאַר זיך פיעל וויכטיגערע פראַגען, פיעל העכערע אויפגאַבען און מיט זיי בעשעפטיגען מיר זיך. מיר זיינען נאָר זיכער, אַז די אַסימילאַציאָן וועט ממילא גהען אויף איהר נאַטירליכען און אונפערמיידליכען וועג; מיר פערשטעהען, אַז קעמפפען געגען דעם הייסט קעמפפען מיט ווינט-מיהלען, ווי אַ דאָן-קיכאָט.

אונזער ערשטע און וויכטיגסטע אויפגאַבע איז צו אָרגאַניזירען די אידישע אַרבּייטער צום עקאָנאָמישען און פּאָליטישען קאַמפּף צוזאַמען מיט זייערע בּרידער פון אַלע לענדער, פון אַלע נאַציאָנען. מיר שטעהען אויסשליסליך אויף דעם פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט און אונזער ציעל איז אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. מיר קימערן זיך יעצט ניט, אויב דאָס וועט שליסליך פיהרען צו וויטערע אַסימילאַציאָן אָדער אפשר גאָר, ווי אונזערע נײַ-מאָדרנע נאַציאָנאַליסטישע טהעאָרעטיקער פּלפּול'ן, צו נאַציאָנאַליזמוס. אייפריכטיג גערעדט, דענק איך, אַז דער רעזולטאַט פון אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן, פון אַ ריינעם פּראָלעטאַרישען קלאַסענקאַמפּף, פון אַ ריין סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, וועט זיין אַן אַלץ ענגערע אַסימילאַציאָן, נאָר אויב ניט, זאָל זיין ווי עס וועט זיין. מיר וועלען ניט אַרויסטרעטען געגען אַ „יודענשטאַאַט" אין ארץ ישראל אָדער ערגעץ אין אַ טעריטאָריע, ווי בּאַלד נאָר מיר וועלען זעהען, אַז עס גיעבּט עפּעס אַ פּראַקטישע מעגליכקייט דאָס דורכצופיהרען. דערווייַלע זעהען מיר נאָר, אַז דאָס איז אַ חלום אין אַן אַנטיסעמיטישער נאַכט. דערווייַלע זעהען מיר, אַז דער פּאָליטישער ציוניזמוס האָט שוין בּאַנקראָטירט אפילו אין דער טהעאָריע, און וואָס אָנבּעלאַנגט צו די נייע מיני „טהעאָריעס", אויף וועלכע די טעריטאָריאַליסטען פאָהרען אַרוים, זאָ מוז יעדער אונפּאַרטייאישער מענש צוגעבּען, אַז זיי האָבּען ניט און קענען קיין מאָל ניט האָבּען די אַנציהינגס-קראַפּט, וואָס דער ציוניזמוס האָט געהאַט אין דר' הרצל'ס צייטען. דאָס הייסט, פּראָסט גערעדט, אַז דער דער טעריטאָריאַליזמוס וועט קיין מאָל ניט דערגרייכען צו דער שטופּע פון אַזאַ אויפגעבּלאָזענע פאָלקס-בּעוועגונג, ווי דער ציוניזמוס איז עס פריהער געוועזען.

נאָר דאָס איז אַ נעבּען-זאַך פאַר אונז. ווירקליך, וואָס מאַכט עס אונז אויס דער ציוניזמוס אָדער דער טעריטאָריאַליזמוס, ווען בּיידע זיינען פוסטע פאַנטאַזיעס?

יעדענפאַלס, דאָס וואָס מיר ווייסען זיכער און פון וואָס מיר דאַרפען אפילו אַ האָר ניט אָפּטרעטען, ניט אַכטענדיג אויף די היסטערישע געפּילדערס פון ציוניסטען, טעריטאָריאַליסטען, סיימיסטען און ווי זיי רופען זיך דאָרטען — די צאָהל פון אַזעלכע פאַר-

טייען וואקסט יעצט אין רוסלאנד ברוך השם ווי שוועמלעך נאך
א רעגען — דאס איז, אז אידען טארען זיך ניט אפזונדערן פון די
פעלקער, צווישען וועלכע עס קומט זיי אויס צו לעבען, און אז
זיי דארפען און מזען זיך וואס ענגער פערבינדען מיט דיזע פעלקער,
איינפאך אלס בירגער, אין נאמען פון זייערע געמיינשאפטליכע עקאָ-
נאמישע און פאליטישע אינטערעסען.

גענוג, וועט דא יעדערער זאגען, וואס פאר א נייעס ענט-
פלעקט איהר דא אונז? ווער לייקענט עס דען, אז אידען דארפען
זיין בירגער און נאך דערצו פאלשטענדיג גלייכבערעכטיגטע בירגער
אין יעדען לאנד, וואו זיי לעבען? מיר וועלען ענטפערן, אז מיר
מיינען גאר ניט עפעס נייעס צו זאגען. מיר ווילען ניט ענטדעקען
נייע אמעריקעס, נייע „טהעאריעס", אבער אפטמאל שאדעט עס
איבערהויפט ניט איבערצו-חזר'ן אלטע וואהרהייטען, און יעצט
איז עס איינפאך נייטיג, ווייל עס הערשט א געפעהרליכע פלאנטער
אין די מוח'ת פון אידישע קליינבירגער און ארבייטער וועגען די
געוועהנליכסטע פראגען; מען רייסט זיך ארום וועגען קלייניגקייטען,
וועגען פראזען, וועגען פאנטאזיעס און חלומ'ת, עפעס אזוי ווי די
גאנצע „אידישקייט" וואלט דערפון אבהענגיג געוועזען; מען קען זאָ-
גען עס איז א דור הפלגה אפילו אין אזעלכע אידישע רייהען,
וועלכע האלטען זיך אלע אן די פאלעס פון רבינו קארל מארקס.
אונזערע גמרא־קעפלעך זוכען האאר-שפאלטענדע פלפולים אפילו
אין די קלארסטע טהיילען פון זיין לעהרע.

צלזאָ, איך ווידערהאל אזא אלטע וואהרהייט, ווי דיזע, אז
אידען מוזען שטרעבען צו זיין פאלשטענדיגע בירגער פון יעדען
לאנד, וואו עס קומט זיי אויס צו פערברייינגען זייער לעבען. און
איך ווידערהאל עס, ווייל דערביי קען מען זיך ניט בעגנוגענען
בלויז מיט ווערטער, זאנדערן מען דארף אויך עפעס טאן, זעהען
צו ערפילען אלע פפליכטען פון בירגער. עס איז ווידער דא אן
אלטער כלל, וועלכער לוטעט: קיינע רעכטע אהן פפליכטען,
קיינע פפליכטען אהן רעכטע. ווי קען אבער איינער ערפילען ריכ-
טיג און עהרליך זיינע בירגער-פפליכטען, ווען ער שטרעבט גאר
אריבערצופעקלען זיך אין אנ'אנדער לאנד, ווען ער האלט זיך
עפעס ווי א פרעמדער, ווי א גאסט אין דעם לאנד, וואו ער וואהנט?
זיצען און קלאגען אויפ'ן גלות, זיצען און טרוימען וועגען א „וו-רענ-

שטאַאַט", זינגען „לשנה הבאה בירושלים" — דאָס זונדערט יעֶרענ־
פאַלס אָב פון דעם פאָלק אין דעם גלות־לאַנד, דאָס רופט אַרויס
אַ געפיהל פון פרעמדקייט אויף בײדע זײטען. דער ציוניסט, וואָס
האַלט שטענדיג אָנגעגרײט איין פוס, אום אַרויסצושפרינגען פון אַ
גלות־לאַנד אין פאַלעסטינע, קען זיך ניט בעקלאָגען, וואָס אין
דיזען גלות־לאַנד קוקט מען אויף איהם ווי אויף אַ פרעמדען, ווען
ער אַליין בעטראַכטעט זיך דאָרטען אַלס אַ פרעמדער.

איך האָב פריהער געזאָגט: „וואו די אידען קומט אוים צו
פערברײנגען זײער לעבען". דערמיט האָב איך געמײנט, אַז ווען
די אידען קומט אוים צו וואַנדערן אין אַן אַנדער לאַנד, וואו זײ
ווילען ווערן בירגער, מוזען זײ זיך דאָרט פון דאָס נײע אַסימילירען.
אַנדערש קען עס גאָר ניט זיין. לאָמיר זאָגען, אַז איהר עמיגרירט
נאָך די פעראײניגטע שטאַאטען, צרגענטינע, אויסטראַליען אָדער
זיד־אַפריקאָ. וועט איהר דען דאָרטען קענען אָפּלעבען אײערע
יאָהרען, ניט צופּאַסענדיג זיך צו די סאָציאַל־פּאָליטישע אומשטענ־
דען פון דיזע לענדער, ניט אויסלערנענדיג פיעל ווײניג די דאָר־
טען הערשענדע שפּראַך, ניט אָפּזאָגענדיג זיך פון געוויסע פריהערע
פיהרונגען און געוואָהנהייטען און ניט אָננעהמענדיג געוויסע נײע
פיהרונגען און געוואָהנהײטען?

עס איז גאָר איבעריג צו שטעלען אַזעלכע פראַגען, עס קען
קײן אַנדער אַנטוואָרט ניט געבען ווי יאָ. ווער עס וויל נאָר
מאַכען אַ רײזע, צום בײשפּיעל, נאָך אַמעריקאַ, קען זיך לײכט
איבערצײגען אין דעם פאַקטיש, און עס וואָלט, חלעבען, גאָר ניט
געשאַט אונזערע נאַציאָנאַליסטישע טהעאָרעטיקער זיך אַביסעל נעהענ־
טער צוקוקען צו דער דאָרטיגער גאָר ניט נאַציאָנאַליסטישער פּראַקטיקע.

*
* *

לאָמיר טאַקע יעצט דערלאַנגען אַ נעהענטערן בליק אויף דיא
נײע וועלט. דיא מאַססען־עמיגראַציאָן פון אידען נאָך דיא פערא־
ניגטע שטאַאַטען האָט זיך אָנגעפאַנגען סך הכל מיט 25 יאָהר צוריק,
נאָך דיא פּאָגראָמען אין דיא אַכציגער יאָהרען פון לעצטען יאָהר־
הונדערט, און וואָס זעהען מיר? מיר זעהען, אַז דער נײער דור איז
דאָרט פאָלשטענדיג אַסימילירט. מיר זעהען איבערהויפט, אַז דיא
אַסימילאַציאָן געהט דאָרט מיט אַ שנעלקײט, פון וועלכער דיא אַלטע
אייראָפּאַ ווייס ניט. דיא אידען פון אַ גאַנץ יאָהר, דיא פּראָסטע

און פרוםסטע אידעֶן, „גרינעֶן" זיך ·דאָרטעֶן אויס אין עֶטליכעֶ יאָהר. און ווען מיר פרעגען זיך, ווארום דאָס איז אַזוי, קענען מיר קיין אַנדער אַנטוואָרט ניט געפינען, וויא דיזע, אַז דער עמיגראַנט האָט דאָרטעֶן דיא פולסטעֶ פרייהייט צו פיהרען זיך וויא ער וויל, אַז עֶס עֶקזיסטירט דאָרטעֶן קיין אויסערער צוואַנג צו אַסימי־לירען, צו אַמעֶריקאַניזירען. קיינער צווינגט ניט דעם איינגעוואַנ־דערטען איד צו לערנען דיא ענגלישעֶ שפראַך, צו קליידען זיך נאָך דעם אַמעריקאַנער שניט, צו אַרבייטען, צו האַנדלען און צו פיהרען זיך אויף דעם אַמעריקאַנער שטייגער; אָבער אַזוי קומט עֶס אויס אין דער ווירקליכקייט, אַזוי איז עֶס.

און דיא אידען זיינען קיין אויסנאַהמעֶ. גראַדעֶ דאָס זעלבעֶ פּאַסירט מיט די אַיינוואַנדערער פון אַלעֶ אַנדערעֶ פעלקער — זיי ווערן אַלעֶ מערקווירדיג שנעל אַמעריקאַניזירט. דיא אַמעריקאַנער רעפּובליק איז עפּעס וויא לאַבּאָראַטאָריעֶ, און וועלכער אַלעֶ נאַצי־אָנאַלעֶ פערשירענהייטען ווערן איבערגעאַרבייט אין אַ נייעם שטאָף אין איבערגעשמאָלצען אין איין נייעם פאָרם. אָט זעהט איהר, צום ביישפּיעל, אַ דייטש ערגעץ אין אַמעריקאַ. ער איז ערשט מיט עֶטליכעֶ יאָהר צוריק געקומען, לאָמיר זאָגען, פון בערלין. איהר דערקענט איהם גלייך פאַר אַ דייטש, און ער איז עֶס אויך; ער לייענט דייטשעֶ צייטונגען, טרינקט ביער גראַדעֶ וויא אין בערלין; אָבער בעטראַכט איהם נעהענטער, קוקט אַריין אין זיין נשמה, וועט איהר זעהען, אַז ער איז דאָך ניט דער זעלבער, וויא ער איז געווען אין בערלין; אַז דאָס אַמעריקאַנער לעבען האָט שוין געווירקט אויף איהם און געלייגט אויף איהם זיין שטעמפּעל. און וואָס אָנבעלאַנגט צו זיינע קינדער, זאָ קענען זיי שוין מייסטענס אפילו ניט רעדען דייטש און ווילען אויך ניט רעדען דייטש.

ניו־יאָרק איז דיא גרעסטעֶ דייטשעֶ שטאָט נאָך בערלין, און דאָך עֶקזיסטירט דאָרט קיין ש״ם דייטש־נאַציאָנאַלעֶ בעוועגונג. דיא דייטשען בילדען אפילו דאָרט ניט אַ בעזונדערעֶ פּאַרטיי. אין פּענ־סילוואַניאַ־שטאַאַט האָבען זיך אַמאָל בעזעצט אַזוי פיל דייטשען, אַז עס האָט זיך געבילדעט דאָרט אַ בעזונדערער זשאַרגאָן — דער זאָ־גענאַנטער „פּענסילוואַניער דייטש", אַ געמישעכץ פון ענגליש מיט דייטש — און דאָך קיינעם פון זיי חלום'ט זיך אפילו ניט פון אירגענד וועלכעֶ דייטש־נאַציאָנאַלעֶ שטרעבונגען. נור איין נאַציאָן, קען

מען זאָגען, אַסימילירט זיך ניט אין אַמעריקאַ, און דאָס זיינען די בינעזער...

וואָס איז שייך די אידישע אַרבייטער, האָבען זיי נאָך מעהר וויא אַלע אַנדערע קלאַסען אידען אַן אינטערעס זיך צו אַסימילירען וואָס שנעלער און ענגער מיט דער אַרומיגער בעפעלקערונג. נאָר אין אַ געוויסער צאָהל קליינע און הינטערשטעליגע פלעצער קענען זיי לעבען בעזונדער, אַרבייטען אָבגעזונדערט פון די קריסטען — געוועהנליך זיינען עס שטעטלעך אין ליטע, פוילען און גאַליציען — זאָנסט קומט זיי אויס אָדער צו אַרבייטען צוזאַמען מיט קריסטען אין פאַבריקען און ווערקשטאַטען, אָדער ווייניגסטענס, צו קומען אין נאָהענטע בעציהונגען מיט די קריסטליכע פאַך-אַרבייטער צוליעב זייערע אייגענע עקאָנאָמישע אינטערעסען, צוליעב די פראָ-פעסיאָנעלע פעראיינען, ענגליש גערעט, די טרייד-יוניאָנס. זאָגאַר אין אַזעלכע מלאָכות, וואָס זיינען געוואָרן ספּעציעל אידישע אין געוויסע ערטער, וויא שניידעריי, מוזען זיך די אידישע אַרבייטער פערבינדען מיט זייערע קריסטליכע ברידער, זאָנסט קענען זיי גאַנץ ווייניג פערבעסערן זייער לאַגע אפילו דורך אָפטע סטרייקס. נאָר געוועהנליך זיינען זיי דאָך די מינדערהייט, אָפט אַ גאַנץ אונבעדייטענטער טהייל אין אַ פאַך — וויא אַזוי קענען זיי גאָר דענקען צו, פערבעסערן זייער לאַגע. וויא אַזוי קענען זיי גאָר האָפען צו קריגען העכערע לוינען און קירצערע אַרבייטס שטונדען, ווען זיי זאָלען ניט שטרעבען צו געהן האַנד אין האַנד מיט אַלע אַנדערע אַרבייטער, ווען זיי זאָלען ניט אַריינטרעטען אַלס מיטגלידער אין די אַלגע-מיינע פאַך-פעראיינען?

הגם דאָס איז ווידער אַן אויגענשיינליכע וואַהרהייט, איינ-פאַך פון ריינעם פּראָפעסיאָנעלען שטאַנדפּונקט, שוין גאָר ניט רייַ-דענדיג פון סאָציאַליזמוס, פון די גרונד פאָדערונגען פון דער סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטיע, דאָך האַלט איך עס פיר נויטיג דאָס נאָך ווייטער צו ערקלערן דורך אַ ביישפּיעל. דאָס וועט אויך, חלעבען, ניט שאַדען צו וויסען אונזערע גרויסע טהעאָרעטיקער פון דעם ניי-געבאַקענעם פּראָלעטאַרישען אתה-בחרתנו'ניזמוס...

אַלס ביישפּיעל וועל איך נאָך אַמאָל נעהמען די גרויסע אַמערי-קאַנישע רעפּובליק, ווייל דאָרטען זעהט מען אַם קלאָרסטען דעם נאַטיר-ליכען פּראָצעס פון אַסימילירונג אונטער די פרייעסטע בעדינגונגען.

דיזע „גאָלדענע לאַנד” איז אין אמת׳ן אַ לאַנד, וואו מען מוז זעהר שווער האָרעווען, אום צו מאַכען אַ חיונה. ווען דער אידישער עמיגראַנט קומט אַהין זוכען „גליק” — וואָס זאָל ער טאָן, צו וואָס זאָל ער זיך נעהמען? זאָל ער זיך אַ לאָז טאָן אין אַ גרויסע פאַבריק, אום צו ווערן אַ „העכערער פּראָלעטאַריער” נאָך די משונה׳דיגע טהעאָריעס פון די אַלערליי פּועלי ציוניסטען? אָבער, ווען ער זאָל שוין אפילו וועלען צוליעב טאָן דיזע קאַרל מאַרקס׳ען פון דער אידישער גאַס, וועט ער געוועהנליך מוזען אַוועקפאָהרען ערגעץ אין אַ דאָרף אָדער אין אַ קליין־שטעדטעל, ווייל די גרעסטע פאַבריקען געפינען זיך מייסטענס ניט אין די גרויסע שטעט, און ווייטער וועט ער זיך מוזען בעגנוגענען מיט אַ גאַנץ ק ל י י נ ע ם ל ו י ן, ווען ער זאָל שוין איבערהויפּט טויגען דאָרטען צו דער אַרבייט, ווייל אויף אַזעלכע גרויסע פאַבריקען ווערן געוועהנליך פערשקלאַפט פרויען און קינדער.

אונזער עמיגראַנט האָט אָבער אַ אידישע קעפּעל אויף זיך, און דיזע קעפּעל זאָגט איהם באַלד, אַז ער דאַרף זיך נעהמען צו אַזעלכע בעשעפטיגונגען, צו וועלכע ער טויג זיך בעסער, צו וועלכע ער איז מעהר געוואוינט, מעהר צו געפּאַסט, אָדער יעדענפאַלס צו אַזעלכע, ביי וועלכע ער קען גיכער און לייכטער פערדינען אַ דאָלאַר.

און צו וועלכע בעשעפטיגונגען איז דער איד מעהר צוגעפּאַסט, צו וואָס קען ער זיך גיכער און לייכטער נעהמען? עס פערשטעהט זיך צו וואָס — צו האַנדעל און אינדוסטריע אָדער, אין אַלגעמיינען, צו ש ט אָ ט י ש ע  ב ע ש ע פ ט י ג ו נ ג ע ן. ער איז אַ שטאָט־מענש, און דאָרטען איז דער קרייז פון זיין טהעטיגקייט, דאָרטען געפינט ער זיין ריכטיגען אָרט.

די אידישע עמיגראַנטען האָבען זיך טאַקע דאַרום בעזעצט אין די גרעסערע שטעט, ספּעציעל אין ניו־יאָרק און אומגעגענד, וואו זיי געפינען, נאָך אַלעמען, לייכטער אַ בעשעפטיגונג. צווישען די אידען אין אַמעריקאַ קען מען אָפט הערען אַ מיינונג, אַז דער וואָס קען זיך ניט דערשלאָגען צו עפּעס אין ניו־יאָרק, וועט שוין אַנדערסוואו אין אַמעריקאַ געוויס קיין ערפאָלג ניט האָבען. דעריבער געפינט זיך טאַקע אַ דריטעל פון דער אידיש־אַמעריקאַנער בעפעלקערונג אין ניו־יאָרק מיט די נעהענטערע שטעדט אַרום. די אידישע פילאַנטראָפּען פון אַמעריקאַ האָבען איינגעריכטעט אין

ניויאָרק אַ ביורא, אום פאַנאַנדערצושיקען די נייע עמיגראַנטען אין די וועסטליכע און זידליכע שטאַאַטען, בעזאָנדערס אין קליינע שטעט; אָבער די רעזולטאַטען זיינען זעהר קלעגליכע.

נון, די בעשעפטיגונגען אין אַ שטאָדט זיינען מייסטענס קליין בירגערליכע און קליין־אינדוסטריעלע. ספּיעציעל איז עס אַזוי אין פּאָרטאָווע שטעדט, אין גרויסע האַנדעל־צענטערס.

ביי אַזעלכע בעשעפטיגונגען פּערדיענט מען געוויס ניט ווי־ניגער, ווי אַפילו אין די בעסטע גרעסטע פאַבריקען, און דערצו נאָך האָט מען אָפט אַ געלעגענהייט אַרויפצוקלעטערן העכער אויף דעם קאַפּיטאַליסטישען לייטער. דאָס איז אַלץ צוגעמאָסטען צו די אַלטע געוואָהנהייטען, צו דעם גוף און צו דער נשמה פון אידען; און מיר געפינען דאַרום, דאָס אַ סך פון זיי, וועלכע האָבען אָנגע־פאַנגען זייער קאַריערע אין דער נייער וועלט אַלס הויזירערס אָדער, ווי מען רופט עס דאָרטען, „פּעדלערס", זיינען געוואָרען גרויסע הענדלער, און אַז אַ גאָר ניט קליינער טהייל פון די, וועלכע האָ־בען זיך, באַלד נאָך זייער אָנקומען, גענומען צו אַ מלאכה, זיינען געוואָרען פאַבריקאַנטען. דאָס מעג פון ערשטען בליק ניט שטימען מיט דער מאַרקסיסטישער לעהרע וועגען קליין־פּראָדוקציאָן און גרויס פּראָדוקציאָן (אין דער אמת'ן ערקלערט זיך עס דורך גאַנץ בעשטימטע מאַטעריאַליסטישע בעדינגונגען אין דיזען לאַנד), — אָבער דאָס איז אַ פאַקט, וואָס יעדער־ער, וועלכער האָט געלעבט עטליכע יאָהר אין אַמעריקאַ, ווייס עס גאַנץ גוט פון ערפאַהרונג. ווי וועט די רוסיש־פּוילישע אידען האָבען זיך אין אַ גאַנץ קורצער צייט, ווי מען זאָגט אין אַמעריקאַ, „אַרויפגעאַרבייט", דאָס הייסט: אַריין אין קאַפּיטאַליסטישען קלאַס — דאָס וואַרפט זיך בעזאָנדערס אין די אויגען, ווען מען געהט דורך די גרעסטע געשעפט־גאַסען פון ניויאָרק.

נאַטירליך, די שאַנסען פון אַ פּעדלער אָדער פון אַן אַרביי־טער זיך אַזוי „אַרויפצואַרבייטען" ווערן אַלץ קלענער אויך אין אַמעריקאַ; אָבער די מיינסטע „גרינע" טרייסטען זיך מיט אַזעלכע „געלע" האָפענונגען, און דאָס טרייבט זיי צו האַלטען זיך מיט אַלע קרעפטען אָן די שטאָדטישע בעשעפטיגונגען, און דאָס האַלט זיי אָפּ יעדענפאַלס פון געהן אין אַ גרויסע פאַבריק, וואו אַ איד פּער־טראָגט ניט די דיסציפּלין און פיהלט זיך גאָר ניט היימליך.

אָט דאָס איז דער אמת, אָט אַזוי האַלט עס מיט די אידען אין אַמעריקאָ אין אַלגעמיינען. אָבער טראָץ דעם, וואָס יעדער אידישער עמיגראַנט קען זיך אַלץ ניט אָפּזאָגען פון דעם בטחון צו ווערן אַ בורזשוא, אַ קאַפּיטאַליסט, און שטרעבט אויך מעהר אָדער ווייניגער צו דיזער שטופע, האָבען די אידישע אַרבייטער אין דער נייער וועלט באַלד איבערגענומען דעם שטייגער פון די אַמעריקאַנער אַרבייטער און האָבען זיך אָרגאַניזירט אין פאַך-פעראיינען, אין טריידיוניאָנס, און אָנגעפאַנגען צו פיהרען סטרייקס.

נאָך מיט אַ יאָהר צוואַנציג צוריק איז ענטשטאַנען אַ פערבאַנד פון די עטליכע אידישע טרייד-יוניאָנס, וועלכע האָבען דאַמאָלס קוים עקזיסטירט. „דער שניידער פון צו הויז" — אַ יחסן אין אַמעריקאַ, וואו דער אַרבייטער קען געוועהנליך נאָר אַ טהייל פון דער שניידעריי-מלאכה צוליעב די גרויסע פערטהיילונג פון דער אַרבייט אויך אין דיזען פאַך — ער האָט נאַטירליך צו הויז ערגעץ אין דער ליטע, אין פוילען וכדומה געוואוסט פון אַ טרייד-יוניאָן אָדער פון אַ סטרייק טאַקע ניט מעהר ווי אַ האָהן אין בני-אדם; אָבער אין אַמעריקאַ האָט זיין אידיש קעפעל גלייך פערשטאַנען, וואָס פאַר גוטע זאַך אַ „יוניע" איז פאַר אַן אַרבייטער. ער האָט זיך דאָרטען באַלד אויסגעמענשעלט און איז אויך אַרוים סטרייקען, ווען נאָר מען האָט עס בעדאַרפט גראַדע ווי אַ געבאָרענער „יענקי" (אַמעריקאַנער).

דער פערבאַנד וואָס איז דאַן אָרגאַניזירט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „די פעראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען" האָט די גאַנצע צייט עקזיסטירט, האָט אָנגעפיהרט מאַסען סטרייקס, פון וועלכע אייניגע האָבען געקלונגען איבער גאַנץ אַמעריקאַ, און יעצט צעהלט ער איבער 40 יוניאָנס. דאָ איז נאַטירליך ניט דער אָרט צו דערצעהלען די געשיכטע פון „די פעראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פון ניו-יאָרק", פון די סטרייקס, וואָס די אידישע אַרבייטער האָבען אָנגעפיהרט, פון דעם, ווי ווייט זיי האָבען ווירקליך פערבעסערט די לאַגע פון די דאָרטיגע אידישע אַרבייטער און אָבגעשאַפט די סוועטינג-סיסטעם (שוויץ-סיסטעם), ווי ווייט זיי האָבען אויך געשטיצט די סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין גאַנץ אַמעריקאַ. פאַר אונז איז הויפּטזעכליך וויכטיג צו וויסען, ווי אַזוי די אידישע יוניאָנס האָבען זיך געהאַלטען צו זייערע קריסטליכע

ברידער, צו זייער צענטראַל־פערבאַנד, צו דער סאָציאַל־דעמאָ־
קראַטישער פּארטיי און אויך צו דער אידישער פראַגע.

אויפ'ן ערשטען פּלאַץ איז נאַטירליך געשטאַנען דער עקאָנאָ־
מישער אינטערעס, דער עקאָנאָמישער קאַמפּף, וועלכער האָט אַרויס־
גערופען די פּראָפעסיאָנעלע בעוועגונג. אין אַזאַ פרייע מדינה, ווי
די פעראייניגטע שטאַאַטען, איז נאַטירליך די בעוועגונג געגאַנגען
פריי אויף איהר נאַטירליכען וועג. די אידישע אַרבייטער האָבען
זיך אָרגאַניזירט, ווי זיי האָבען עס פערשטאַנען, פאָלגענדיג דעם
ביישפּיעל פון די אַמעריקאַנער.

זיי האָבען געהאַט פאָלשטענדיגע אָטאָנאָמיע. אין אַזאַ פע־
דעראַטיווע לאַנד האָט עס גאָר אַנדערש ניט געקענט זיין. נאָר אין
צענטראַליסטישע לענדער קומט אויס צו פיהרען אַ קאַמפּף וועגען
אָטאָנאָמיע אפילו אין די סאָציאַליסטישע רייהען... די קריכטליכע
יוניאָנס זיינען, זעלבסטפערשטענדליך, זעהר צופריעדען געווען,
וואָס אויך די אידען אָרגאַניזירען זיך, און האָבען זיך ניט געמישט
און קיינע דעות ניט געזאָגט. קיינער האָט ניט געצוואונגען אַ אי־
דישע יוניאָן צוצוטרעטען צו אַ קריסטליכען אָדער אַלגעמיינען
פערבאַנד.

די אידישע אַרבייטער האָבען איבערהויפּט ניט געהאַט קיי־
נע נאַציאָנאַליסטישע שטרעבונגען. אַזעלכע שטרעבונגען זיינען
אויסער פּלאַץ אין אַמעריקאַ, ווי דאָס איז שוין אויבען ערקלערט
געוועזען, בפרט נאָך צווישען פּראָלעטאַריער. יאָ, צום ביישפּיעל,
די אידישע שריפטזעצער יוניאָן איז אָנפאַנגס געוועזען זעלבסטשטענ־
דיג, געהערענדיג נאָר צו „די פעראייניגטע אידישע געווערקשאַפ־
טען", נאַכהער האָט זי אָבער געפונען פאַר נויטיג צו ווערן אַ טהייל
אַ פיליאַלע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שריפטזעצער יוניאָן, צו
וועלכע זי געהערט יעצט אויך. פון דער אַנדער זייט האָט ד,
אידישע מענערשניידער יוניאָן אָרגאַניזירט די איטאַליענישע און
ליטווישע שניידערס, און זיי זיינען יעצט פערבונדען אין איין יו־
ניאָן, וועלכע איז ווידער אַ טהייל פון דעם אַלגעמיינען פערבאַנד
פון קליידער אַרבייטער, וואָס טראָגט דעם נאָמען „יונייטעד גאַר־
מענט וואָרקערס אָוו אַמעריקאַ" (די פעראייניגטע בגדים־אַרבייטער
פון אַמעריקאַ). דאָ קען עס שיינען זעהר זאָנדערבאַר, אַז אידען
אַלען רופען ליטווינען צו אַ מיטינג אָדער צוזאַמענרופען צו אַ סטרייק,

אָדער זאָלען לאָזען דרוקען איטאַליענישע אויפרופען צו די איטאַל-יענישע אַרבייטער אַז זיי צוזוטרעטען צו דער יוניאָן, אָבער איז אַמעריקאַ איז עס אַ נאַטירליכע ערשיינונג.

ווייטער, די בעציהונג פון אַ אידישע יוניאָן צו די „פּעראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען" אָדער צו אַן אַנדער צענטראַל-פערבאַנד, ווי אויך די בעציהונגען פון די „פעראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען" צו דעם אַלגעמיינען צענטראַל-פערבאַנד פון ניו-יאָרקער יוניאָנס, זיינען פאָלשטענדיג אַטאָנאָמיש. קיינע בעפעהלען פון אויבען, קיינע „טוען" פון אונטען. „די פעראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען" האָבען נאַטירליך געשטרעבט צו אָרגאַניזירען וואָס מעהר אידישע יוניאָנס, אום בעסער צו בעשיצען די אינטערעסען פון אידישען פּראָלעטאַריאַט; אָבער זיי האָבען קיין מאָל ניט געזוכט צו בעהערשען יוניאָנס אין אַנדערע שטעט, צו צענטראַליזירען אַזוי וויט די אידישע אַרבייטער בעוועגונג, אַז פון ניו-יאָרק זאָל מען אַרויסלאָזען „דירעקטיווען" אָדער פערוואַלטען אַ יוניאָן אין באָסטאָן, פילאַדעלפיאַ (דאָרטען האָט עקזיסטירט אַ בעזונדערע „פעראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען"), שיקאַגאָ א. ז. וו.

אַזעלכע רייסערייען, ווי עס קומט פאָר אין רוסלאַנד וועגען דעם רשות, וועגען דער „ממשלה" פון אַ צענטראַל-קאָמיטעט פון אידישע אַרבייטער; צו דער „בונד", לאָמיר זאָגען, וועלכער האָט איבערהויפּט צענטראַליסטישע פּרעטענזיעס, זאָל האָבען די „אויבער האַנד" איבער די אידישע אַרבייטער אין זיד-רוסלאַנד, באַלטישע פּראָווינצען, פוילען און ווער ווייסט נאָך וואו, אפשר אויך אין אַמעריקאַ און אויסטראַליען, אַלס כלומרשט דער „איינציגער" פאָרשטעהער פון אידישען פּראָלעטאַריאַט — אַזעלכע סכסוכים האָבען קיין פּלאַץ אין אַמעריקאַ און דאַרפען אין ערגעץ קיין פּלאַץ ניט האָבען.

וויכטיג איז נאָר, אַז דער אידישער אַרבייטער זאָל ערשטענס געהערען צו דעם אָרטיגען פּראָפעסיאָנעלען פערבאַנד, צו דער טרייד-יוניאָן דאָרט, וואו ער אַרבייט, עס מאַכט גאָר ניט אויס וואָס פאַר אַ נאַציאָנאַליטעט עס האָט דאָרט די מעהרהייט, דען ניט מיט נאַציאָנאַלע פראַגען בעשעפטיגט זיך אַ טרייד-יוניאָן, און צווייטענס, אַז ער, דער אידישער אַרבייטער, זאָל זיין אַ סאָציאַל דעמאָקראַט. אויב עס איז בעסער אין בעקוועמער צוליעב

אירגענד וועלכע גרינדליכע אורזאכען — מעטטעם, נאטירליך, ציל ע. ד ע ר ש פ ר א ך — אז אידישע ארבייטער זאלען האבען א בעזונדערן פראפעסיאנעלען פעראיין, זאלען זיי עס טאן געזונטערהייט; אבער וואו נאר עס געפינען זיך אויך קריסטליכע ארבייטער אין דעם זעלבען פאך, מוזען די אידישע ארבייטער זיך פערבינדען מיט זיי, אום בעסער צו פיהרען דעם עקאנאמישען קאמפף.

אזוי פיהרט זיך עס אין אמעריקא און אזוי דארף זיך עס פיהרען אין אלע לענדער, אפילו ליטע ניט אויסגענומען... מען דארף נאר אביסעל אראבנייסען פון זיך דעם רוסישען צענטראליזמוס, וועט מען דארט אויך פערשפארען צו פערגעסען אזוי פיעל... טינט וועגען די ממשלות פון צענטראל-קאמיטעטען און מען וועט גאנץ פיין דורכקומען אויף א פעדעראליסטישען וועג. מיט איין ווארט, מען דארף זיך דארט ד ע צ ע נ ט ר א ל י ז י ר ע ן.

נאר וועגען דעם אן אנדערס מאל. דערווייל האלטען מיר נאך ביי די אידישע ארבייטער ארגאניזאציאנען אין אמעריקא.

דיזע ארגאניזאציאנען זיינען ניט בלויז עקאנאמישע, זאנדערן אויך פאליטישע. וועגען „די פערא־יניגטע אידישע געווערקשאפטען" קען מען זאגען, אז זינט זיי זיינען געגרינדעט געווארען, זיינען זיי געשטאנען אויף דעם שטאנדפונקט פון פראלעטארישען קלאסענקאמפף. די יוניאנס זיינען געווען און בלייבען א ו נ פ א ר ט ײ א י ש ע, ווי א פראפעסיאנעלער פעראיין דארף אייגענטליך זיין; אבער זייער צענטראל-פערבאנד — די פעראייניגטע אידישע געווערקשאפטען — איז געווען א ס א צ י א ל-ד ע מ א ק ר א ט י ש ע ר. אימער איז ער געשטאנען אויף דער זייט פון דער סאציאליסטישער פארטיי, אפילו ווען זי האט געפיהרט א געוויסע צייט א דירעקטען קאמפף נעגען אזעלכע יוניאנס, וועלכע ענטזאגען זיך פון אונאבהענגיגען פאליטישען קאמפף, וועלכע שטעהען אויף דעם שטאנדפונקט פון רײנעם טרייד-יוניאניזמוס. אגב אורחא, דאס איז געווען א פאלשער און זעהר אונטאקטישער שריט פון דער סאציאליסטישער פארטיי, א שריט וואס האט שליסליך, ווי בעוואוסט, געפיהרט צו א שפאלטונג און צו דער גרינדונג פון א נייער סאציאל-דעמאקראטישער פארטיי, וועלכע האלט זיך נ י י ט ר א ל צו די טרייד-יוניאנס. צו דיזער פארטיי געהערען יעצט „די פעראייניגטע אידישע געווערקשאפטען".

אויף דעם פאָליטישען וועג איז וויעדער קיין פראַגע ניט געווען וועגען אַטאָנאָמיע. די סאָציאַליסטישע פאַרטיי האָט ניט געשטרעבט צו בעהערשען די נאַציאָנאַליטעטען — דאָס איז זיינע פאַך אַן אונזין אין אַמעריקא — זי האָט זיך ניט געמישט אין די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון די סעקציאָנען, ווי באַלד נאָר מען האָט זיך דאָרטען ריכטיג און עהרליך געהאַלטען אַן דער סאָציאַליסטישער פראָגראַם. די סעקציאָנען האָבען זיך אָרגאַניזירט ניט נאָך די נאַציאָנאַליטעטען, זאָנדערן נאָך די שפּראַכען, ווי עס האָט זיך געפיהרט אין אַלטען אינטערנאַציאָנאַל צוליעב דעם זעלבען גרונד, נעמליך: אום בעסער צו פיהרען די סאָציאַליסטישע פראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציאָן. די פערטהיילונגען אין שפּראַכען איז נאָר געווען אַנערקענט און קען נאָר אַנערקענט ווערן אַלס אַן אַגיטאַציאָנסמיטעל, די איינהייט און איינהייטליכקייט מוזען פערבלייבען אין דער אַלגעמיינער פראָגראַם פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

נאָכהער איז די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פאַרטיי אָרגאַניזירט געוואָרען אַנדערש, נעמליך אין וואַהל-דיסטריקטען, וואו די מיטגליעדער אַרבייטען צוזאַמען, צו וועלכער נאַציאָן זיי זאָלען ניט געהערן. דאָס איז איינגעפיהרט געוואָרן ניט חו"ש, אום מיט געוואַלד צו אַמעריקאַניזירען די אידישע, דייטשע, פוילישע, איטאַליענישע א. ז. וו. מיטגליעדער פון דער פאַרטיי, זאָנדערן אום לייכטער צו פיהרען די וואַהל-אַגיטאַציאָן. אָבער, נאַטירליך, די דייטשען קענען האַלטען רעדעס אין דייטש אויף פערזאַמלונגען און אַרויסגעבען אַלערליי שריפטען און צייטונגען אין דייטש, ווי פיעל זייער האַרץ געלוסט, און די אידען, איטאַליענער, שוועדען, א. ז. וו. קענען דאָס זעלבע טאָן אין זייערע שפּראַכען. און אַזוי טהוט מען עס אויך.

די פאָרטגעשריטענע אידישע אַרבייטער פון זייער זייט האָבען זיך קיין מאָל ניט געשטעלט אִרגענד וועלכע אידיש-נאַציאָנאַלע אויפגאַבען. עס האָט זיך זיי אפילו ניט געחלומט וועגען אידיש-נאַציאָנאַלע פראָגראַמען, מיט וועלכע מען פערדרייהט דאָ לײדע-אַמוֹת די אידישע אַרבייטער. זיי האָבען געפיהרט אַ ריינעם קלאַסען קאַמפף, עקאָנאָמיש און פאָליטיש, ווי אמת'ע סאָציאַל-דעמאָקראַטען דאַרפען עס טאָן. אמת, זיי האָבען געשאַפען אידישע יוניאָנס אידישע פעראיינען, אַ אידישע פּרעסע; אָבער אַלץ נ"ר, אום

אויפצוקלערען די אידישע מאסע, אום צו פראפאגאנדירען דער סאציאליזמוס, גאר ניט קימערנדיג זיך וועגען אסימילאציאן אדער נאציאנאליזאציאן. זיי האבען זיך בעטראכט ניט אלס אידישע, זאנדערן אלס אידיש־שפרעכענדע סאציאליסטען.

דערצו נאך האבען דיא אידישע סאציאליסטען א ספעציעלע אויפגאבע אין אמעריקא צוזאמען מיט דיא דייטשע סאציאליסטען, און דאס איז צו פערשפרייטען דעם סאציאליזמוס צווישען דיא ענגליש־שפרעכענדע ארבייטער, צווישען דיא געבארענע אמעריקאנער, און צו העלפען ארגאניזירען אן עכטע אמעריקאנער סאציאליסטישע פארטיי. דיא דייטשען האבען דיא ערשטע אויפגעהויבען דיא רויטע פאהן פון דער סאציאל־דעמאקראטיע אין אמעריקא, זיי זיינען געוועזען דיא פיאנערען פון דער אמעריקאנער סאציאליסטישער בעוועגונג, אבער דיא אידען האבען זיי זעהר פיעל מיטגעהאלפען אין דעם. מען מעג זאגען, אז דיא דייטשען צוזאמען מיט דיא אידען האבען איינגעפלאנצט אן עכטע אמעריקאנער סאציאליסטישע פארטיי.

אין דיא לעצטע פאאר יאהר זיינען אויך אויפגעקומען פועלי־ציוניסטישע און בונדיסטישע פעראיינען אין אמעריקא; אבער זייערע מיטגליעדער בעשטעהען מייסטענס פון ניי־אנגעקומענע עמיגראנטען, וועלכע האבען מיטגעבראכט זייער „אתה־בחרתנו׳ניזמוס" פארטייגער־הייט פון צו הויזע און וועלכע שטעהען יעדענפאלס אויסערהאלב דיא אמעריקאנער בעוועגונג. אלע צוזאמען שפיעלען זיי קיין שום ראלע ניט אין דיא יוניאנס און אין דער סאציאליסטישער פארטיי. דיא בונדיסטישע „ארגאניזאציעס" אין אמעריקא זיינען אייגענטליך ניט מעהר וויא הילפס־פעראיינען צו זאמלען געלט פיר דיא בעוועגונג אין רוסלאנד. דיא פ. פ. ס. און דיא רוסישע רעוואלוציאנערען האבען אויך דארט זייערע הילפס פעראיינען. וואס אנבעלאנגט צו „דיא פעראייניגטע אידישע געווערקשאפטען", זא בלייבען זיי וויא פריהער אויף דעם אמעריקאנער באדען, אלס פון איין זייט א פראפעסיאנעלע און פון דער אנדער זייט א סאציאל־דעמאקראטישע ארגאניזאציאן פון אידישען פראלעטאריאט אין ניו־יארק, און האבען גאר ניט צו טאן מיט אירגענד וועלכע נאציאנאליסטישע שטרעבונגען.

* * *

יעצט לאָמיר זיך אומקעהרען א היים . אויפ׳ן וועג לאָמיר אָבער ניט פערגעסען אָן דעם ביישפיעל פון אמעריקא . היינט צו טאָג געפינען מיר זיך אין גאליציען . אין דיזען לאנד האָבען אייערע אורעלטערן געלעבט נאָך פאר קאזומיר דעם גרויסען׳ס צייטען , און אין דיזען לאנד וועלען אייערע קינדער און קינד׳ס קינדער לעבען . א טהייל וועט אויסוואנדערן , אָבער דיא מאסע וועט בלייבען. וויא זאָל מען זיך דאָ האלטען? וואָס זאָל מען דאָ טאָן, וויא זאָל מען דאָ קעמפפען אלס ארבייטער , אלס פראָלעטאריער ?

נאטירליך , דיא אומשטענדען און בעדינגונגען אין פוילען זיינען אנדערע וויא אין אמעריקא ; אָבער זיי זענען אויף קיין פאל ניט אזעלכע , אז דיא אידישע ארבייטער זאָלען דאָ קענען מאכען שבת פאר זיך , זאָלען קענען בילדען א בעזונדערע אָרגאניזאציאָן , אָבגעטהיילט פון דיא אָרגאניזאציאָן פון זייערע פוילישע ברידער . זיי דארפען עס אויך ניט און טאָרען עס ניט טאָן . זייער שיקזאל איז ענג פערבונדען מיט דעם שיקזאל פון זייערע פוילישע ברידער. דיא אידישע ארבייטער מוזען דארום צושטיין , וויא וויט נאָר מעגליך , צו דיא אָרגאניזאציאָנען פון פוילישען פראָלעטאריאט , צו דיא פראָפעסיאָנעלע פעראיינען , אזוי גוט וויא צו דער סאָציאליס־טישער פארטיי .

אחדות , פראָלעטארישע אחדות , מוז הערשען צווישען דיא ארבייטער פון אלע נאציאָנען ; בפרט נאָך צווישען ארבייטער אין איין לאנד, זאָנסט איז דער קלאסען-קאמפף א פוסטער קלאנג , און דיזע אחדות קען אם בעסטען אין צוועקמעסיגסטען אויסגעפיהרט ווערן דורך איין איינהייטליכע געמיינשאפטליכע עקאָנאָמישע און פאָליטישע אָרגאניזאציאָן . דאָס הייסט אָבער ניט, אז אזא אָרגאני־זאציאָן דארף זיין א צענטראליסטישע, אויף קיין פאל ניט. איינהייט־ליכקייט קען און דארף אויך דורכגעפיהרט ווערען דורך א פעדע־ראטיווע אָרגאניזאציאָן, וואו יעדער טהייל זאָל האָבען ברייטע אויטאָנאָמיע.

דיא אידישע ארבייטער זענען זיכער בערעכטיגט צו אזוי פיעל אויטאָנאָמיע , וויא וויט זייערע אייגענטהימליכקייטען, זייערע ספעציעלע בעדינגונגען און בעזאָנדערס זייער שפראך פאָדערן עס . דאָרט , וואו מען דארף גרינדען אויסשליסליך א אידישען פעראיין; דאָרט, וואו דער קאמפף דארף געפיהרט ווערן מייסטענס

צווישען אידישע פראָלעטאריער און אידישע קאפּיטאַליסטען; דאָרט וואו מען קען אם בעסטען פיהרען דיא סאָציאַליסטישע פראָפּאַגאַנדע צווישען אידישע אַרבּייטער אין זשאַרגאָן, דאָרט מוז דאָס אַלעס געטאָן ווערען, ווען אפילו דיא גאַנצע פאַרטיי פון לאַנד זאָל דערויף ניט געבען איהר הסכמה. דאָך, זאָגאר אין אַזאַ פאַל, ווען דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטיי פון אַ לאַנד זאָל זיין אַזוי ווייט אַסימילאַטאָריש, וואָס עס איז איינפאַך אינמעגליך, ווייל דאָס איז נעגען דיא פּרינציפּען פון אינטערנאַציאָנאַליזמוס; אָדער ווען אַזאַ פאַרטיי זאָל צוליעב געוויסע גרינדע ניט שטיצען פינאַנציעל דיא אידישע סאָציאַליסטישע פרעסע — אויך אין אַזאַ פאַל טאָרען דיא אידישע סאָציאַליסטען ניט אָפּרייסען זיך פון דער גאַנצער פאַרטיי, נאָר זיי דאַרפען זיך אָנשטרענגען צו שאַפען מיט זייערע אייגענע מיטעל און קרעפטען אַזאַ פרעסע, ווייל כיי וויא סיי, ווען זיי זאָלען זיך אָבזונדערן אין בילדען אַן אונאַבהיינגיגע אידישע פאַרטיי, וועלען זיי דאָך דאַן אַליין מוזען קריעגען מיטעל פיר זייער פרעסע און אַנדערע נוטיגע זאַכען.

דאָס קען מען יעצט זאָגען וועגען דיא זאָגענאַנטע „סעפּאַראַ-טיסטען" אין גאַליציען. אַ געוויסער טהייל פון דיא אידישע חברים האָבען זיך אין מאָנאַט מאַי פון 1905 יאָהר אָבגעטהיילט פון דער גאַליציאַנער פ. פּ. ס. ד., ווייל דיזע פאַרטיי, האָבען זיי געזאָגט, האָט זיי בעהאַנדעלט וויא אַ שטיף-קינד און האָט פערנאַכלעסיגט דיא אידישע פרעסע און אַגיטאַציאָן. יעצט, הייסט עס, האָבען זיי אַ זעלבסטשטענדיגע פאַרטיי, גיבען אַרויס אַ וואָכען-בלאַט און פיהרען אַן אונאַבהענגיגע אַגיטאַציע צווישען די דאָרטיגע אידישע אַרבּייטער, ווער האָט זיי אָבער געגעבען די מיטעל דערצו? זיי האָבען דאָך שליסליך אַליין בעשאַפען דיזע מיטעל. וואָרום זשע קענען זיי דאָס זעלבע ניט טאָן, בלייבענדיג פערבונדען מיט דער פּ. פּ. ס. ד. וויא באַלד נאָר דיזע פאַרטיי זאָל זיי געבען דיא אַטאָנאָמיע, אויף וועלכע זיי האָבען אַ פאָלשטענדיגעם רעכט?

מען קען פרעגען, וואָס מאַכט עס אויס, אויב דיא גאַליציאַ-נער אידישע אַרבּייטער געהערען צו דער פּ. פּ. ס. ד., אָדער זיי מאַכען שבת פאַר זיך, וויא באַלד נאָר אַז אַ סאָציאַליסטישע אַגיטאַציאָן ווערט געפיהרט צווישען דעם דאָרטיגען אידישען פראָ-לעטאַריאַט? עס מאַכט אָבער זעהר פיעל אויס, ווייל אַליין זיינען

דיא סעפּאַראַטיסטען ניט ווערט, פּשוט גערעט, א שמעק טאַבּאַק אַלס אַ פּאָליטישע קראַפט, וועהרענד צוזאַמען מיט דער פּ. פּ. ס. ד. בילדען זיי אָדער קענען וועניגסטענס מיט דער צייט בילדען א געוויסע פּאָליטישע מאַכט.

דער פּראָלעטאַריאַט אין גאַליציען איז, וויא בעוואוסט, גאַנץ קליין, ווייל דיא אינדוסטריע איז דאָ ניט ענטוויקעלט, נאָך וועניגער וויא אין דער ליטאַ, און דער אידישער פּראָלעטאַריאַט איז דאָ איינפאַך א הייפעלע. טאָ וואָס, מישטיינס געזאָגט, קענען אַלע אידישע אַרבּייטער אַליין, ווען זיי זאָלען שוין אַלע צושטיין צו דיא סעפּאַראַטיסטען — וואָס עס איז גאָר ניט דער פאַל, דען א טהייל פון דיא אידישע אַרבּייטער פערבלייבּען טריי צו דער פּ. פּ. ס. ד. וואו זיי האָבּען אויך אַטאָנאָמיע, און א טהייל ווערט רעקרוטירט פון דיא פּועלי-ציוניסטען — וואָס זשע קענען זיי אויפטאָן ביי דיא וואַהלען צום רייכס-ראַטה? דער רעזולטאַט פון דעם סעפּאַראַטיזמוס איז פאָרלויפיג, אַז די שוואַכע סאָציאַליסטישע קרעפטען אין גאַליציען זיינען צובּרעקעלט און אַז דיא ציוניסטען קענען דורך דעם פערשטאַרקען זייער פּאַרטיי. דער סעפּאַראַטיזמוס איז דאַרום איינפאַך א פּאָליטישער זעלבּסטמאָרד פאַר דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט אין גאַליציען.

* * *

אָבּער אין פּוילען קענען זיך דיא אידישע אַרבּייטער ניט בּעקלאָגען, אַז דיא פּ. פּ. ס. ד. בּעהאַנדעלט זיי וויא א שטיף-קינד. פאַרקעהרט, זיא שטרענגט אָן איהרע בּעסטע קרעפטע צו אָרגאַניזירען דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, צו העלפען איהם אויף יעדעשריט. זייט זיא האָט אָנגעפאַנגען איהר טהעטיגקייט, האָט זיא אויך געזאָרגט פאַר דיא זשאַגאָנישע פּרעסע. מען קען זאָגען, אַז דיא פּוילישע סאָציאַליסטען, צווישען וועלכע עס האָבּען זיך שטענדיג געפונען א סך אידישע אינטעליגענטען, זיינען געווען דיא ערשטע צו פּראָפּאַגאַנדירען אין פּוילען דעם סאָציאַליזמוס אין אידיש פאַר אַזעלכע אידישע אַרבּייטער, וואָס האָבּען ניט געקענט לעזען פּויליש אָדער רוסיש. איך וועל דאָ אגב אורחא בּעמערקען, אַז שוין אין 1886 יאָהר האָט דיא פּאַרטיי פון „פּשעדזוויט" אַרויסגעגעבּען אין אידיש דיא בּראָשורע „פון וואָס איינער לעבּט", וואָס דער פערשטאָרבּענער אידישער חבר דיקשטיין האָט פערפאַסט אין פּויליש.

דיזע אידישע בראָשירע איז דאַן געדרוקט געוואָרן אין לאָנדאָן, אין דער דרוקעריי פון דעם „אַרבײַטער פרײַנד", און איז שפּעטער אַרײַ-נגעשמוגגעלט געוואָרן פון פּוילישע חברים נאָך רוסלאַנד.

דער אידישער קאָמיטעט פון דער פּ. פּ. ס. האָט שטענדיג געהאַט דיא גרעסטע אַטאָנאָמיע. ער איז גראַדע אַזוי זעלבסשטענ-דיג אין דער פּאַרטײַ, וויא דער „בונד" אויסערהאַלב דער פּאַרטײַ. זײַן אַטאָנאָמיע קען מען צוגלײַכען צו דער אַטאָנאָמיע פון דיא אידישע אַרבײַטער אין אַמעריקאַ. דיא אידישע פּרעסע ליגט אין זײַנע הענד. אַבי נור גענוג געלט און אינטעליגענטע קרעפטע, וואָס זאָלען קענען שרײַבען מאַמע-לשון פאַר דיא אידישע מאַסע, וואָלט דיזע פּרעסע שוין לאַנג געוועזען פיעל גרעסער, וויא זיא איז יעצט, טראָץ דיא בעזאָנדערע רעפּרעסיעס אין פּוילען.

נאָר, זאָגט מען, דיא פּ. פּ. ס. איז צו נאַציאָנאַליסטיש, זיא איז זאָגאַר דאַפיר, אַז פּוילען זאָל זיין אונאַבהענגיג. טאָ וואָס זשע איז? וואָס ווילט איהר, קאָזאַקיש זאָל זיא זײַן? ווארום טאָר דיא פּ. פּ. ס. ניט זײַן אַ נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטײַ אַזוי ווײַט וויא יעדע אַנדערע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטײַ אין אַ אונאַבהענגיגען לאַנד? ווארום מעגען דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטען אין דײַטשלאַנד בילדען אַ דײַטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטײַ, אין פראַנקרײַך — אַ פראַנצויזישע, אין רוסלאַנד — אַ רוסישע, אין ענגלאַנד — אַן ענגלישע? ווארום זאָל מען אַרויסטרעטען געגען די פּ. פּ. ס., ווען זיא געהט אויף דעם זעלבען וועג?

איז עס פיליַכט דעריבער, ווײַל מען האָט פּוילען צוטהײַלט און צוריסען מיט געוואַלט און ווײַל איהר איז נאָך ביז יעצט ניט געלונגען צו געווינען די פּאָליטישע אונאַבהענגיגקייט, אויף וועל-כע זי האָט אַ נאַטירליכען און היסטאָרישען רעכט לכל הדעות און וועלכע אויך קאַרל מאַרקס און פריעדריך ענגעלס האָבען געוואונ-שען אין נאָמען פון פּראָגרעס? עס איז גאָר לעכערליך צו שטעלען אַזאַ פראַגע פאַר אַ פאָרטגעשריטענעם מענשען.

קולטורעל בלײַבט פּוילען אַ זעלבסטשטענדיגעס לאַנד גראַדע ווי ווען מען וואָלט איהר גאָר ניט געזוכט מיט געוואַלט צו רוסיפיצירען. וואָס האָט רוסלאַנד אויפגעטאָן אין פּוילען זײַט קאַטערינעס באַרבאַרישע צײַטען? וואָס האָט זי אויסגעפירט מיט איהר דעספּאָטישע פּאָליטיק פון רוסיפיצירונג? גאָר נישט, אויסער בלוט פערגיסונגען. דער רוסישער

בער ראַלט פוילען אין זײַנע בלוטיגע נעגעל, ווײַל ער איז שטאַרקער. דאָס איז אַלעס. די גאַנצע רוסיפיצירונג איז ווי אַ זײפען בלאָז. זאָלען זיך נאָר די מחנות פון דער רוסישער אַרמעע צוריק ציהען פון פוילען, און פון דער איבער 100-יעהריגער רוסישער הערשאַפט וועט דאָרט אין אַ קורצער צײַט קײן סימן ניט בלײַבען.

עס איז איבערהויפּט אַ כלל אין דער געשיכטע, אַז אַ הער־שענדע נאַציאָן קען נאָר דאַן אַסימילירען אַ בעהערשטע נאַציאָן, ווען איהר קולטור איז אַ העכערע. ניט זעלטען האָט גראַדע פּאַ־סירט, אַז די בעהערשטע האָבען אַסימילירט די בעהערשער, ווײַל די בעהערשטע זײַנען געשטאַנען אויף אַ העכערער קולטור־שטופע. ווער עס האָט געלעזען די וועלט־געשיכטע, ווײס עס גאַנץ גוט. און ווער קען דען זאָגען, אַז די רוסישע קולטור שטעהט העכער פאַר דער פוילישער?

איז עס דאַרום ניט נאַטירליך, אַז אַ פּאַרטײ פון פוילישען פּראָלעטאַריאַט זאָל אַרויסטרעטען געגען אירגענד וועלכען אויסערן דרוק, געגען אַ הערשאַפט, וועלכע האַלט זיך נור און קען זיך אַנדערש ניט האַלטען, ווי דורך געוואַלט און טיראַנײַ? איז עס דען ניט נאַטירליך, אַז אַזאַ פּאַרטײַ זאָל קעמפּפען פיר די נאַ־טירליכע אונגעשטערטע ענטוויקלונג פון דער גאַנצער נאַציאָן?

נאָר מיט דער פּראָגראַם פון דער פּוילישער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטײַ וועלען מיר זיך דאָ ניט פערנעהמען. איך האָב נור פערבײַגעהענדיג בעריהרט דעם פּונקט וועגען די נאַציאָנאַלע שטרע־בונגען פון דיזער פּאַרטײַ, אום צו ערקלערן, אַז דיזע שטרעבונ־גען שטערען גאָר ניט און דאַרפען ניט אָפּהאַלטען דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט אין פוילען צו געהען האַנד מיט דעם פּוילישען פּראָלעטאַריאַט, חאָטשע פוילען בלײַבט נאָך הײַנט אָדער קען נאָך אין דער צוקונפט בלײַבען פּאָליטיש צוטײַלט און אָבהענגיג.

איבריגענס, וועגען דיזע אונאַבהענגיגקײט־פראַגע הערשט, ווי ווײט איך ווײס, אַ שטאַרקע חילוקי דעות אין די רײהען פון דער פּ. פּ. ס. זעלבסט, און דאָס איז הײַנט ניט דער הויפּט־פּונקט, וועלכער מהײַלט אָב דיזע פּאַרטײַ פון דער ס. ד. פּ. אָדער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטײַ.

* * *

יעדענפאַלס, קענען ווײניגער פון אַלעמען אויסזעצען געגען

די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דער פּ. פּ. ס. די יעניגע, וועלכע זוכען ערגעץ אין דער וועלט אריין אַ טעריטאָריע פאַר דעם פערוואָגעלטען ישראליק, אום איהם ערשט אײנצופּאַסען מיט לײַטען צוגלײַך אין נאַציאָנאַלע ראַמקעס, און אויך די יעניגע, וועלכע טראַגען אַרום מיט אַ „נאַציאָנאַלער פּראָגראַם" פאַר אידען אין רוסלאַנד. אָט אַזעלכע פּראָגראַמען זענען טאַקע ניט מעהר ווי פערבלענדענעסען, ווי פּוסטע חלומות, האָבען קײַן רעאַלען גרונד.

ווי קען מען אויספיהרען אין דער ווירקליכקײַט זאָגאַר אַזאַ „נאַציאָנאַלע פּראָגראַם", ווי אונזערע בונדיסטישע חברים פּלאַנעווען אין זײַערע שריפטען? און ווײַטער, וואָס וועלען די אידען ווירקליך געווינען, ווען עס זאָל שוין זײַן מעגליך אַזאַ פּראָגראַם צו פערווירקליכען?

אַ אידישע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם! ווי לײַכט עס רעדט זיך, אָבער ווי שווער עס איז צו בעשטימען איהר אינהאַלט, וואָס דאָס מײַנט אין אמת'ן אפילו אין איהר געבורטס-אָרט, אין סאַמע ליטאָ. מען דאַרף זיך צוערשט קענען אָבזאָגען פון דעם בעגריף פון רוים, אום צו בעטראַכטען דיזען פּונקט ערנסט; מען דאַרף קענען אַריבערשפּרינגען מיט אַ לײַכטע האַרץ און אויך מיט אַ לײַכטען קאָפּ די ליטווישע און ווײַס-רוסישע דערפער, וואָס רינגלען אַרום די שטעטלעך, וואו די אידישע בעפעלקערונג איז מעהר אָדער ווענינער קאָנצענטרירט. לאָמיר זאָגען, אַז מיר וועלען שוין אויפבויען אַ גײַסטיגען בריק צווישען שמאַרגאָן, אײשישאָק אַזש ביז שניפּישאָק אין ווילנאָ, וואו עס הערשט דאָך די אידישע „קולטור", און מיר וועלען אַזוי אַרום „שאַפען" אַ אידישען ראַיאָן אָדער, אויב אײַך געפעלט ניט אַנדערש דאָס וואָרט טעריטאָריע, זאָל עס הײַסען אַ „אידישע" טעריטאָריע. מיר וועלען דאַן האָבען אַ קאַרטע מיט קײַקעלעך אַרום די „ברך'ן" פון ליטאָ, וואו די „אידישקײַט" וועט גלאַנצען, און מיט גרויסע קרײַזען, וואָס וועלען בעצײַכענען דאָס לאַנד, וואו די קריסטליכע אַקערבוי-בעפעלקערונג, די מאַיאָריטעט לעבט. דאָס וועט זײַן אַ זאָנדערבאַרע, אַנ'אויסערגעוועהנליכע קאַרטע, נאָר עס מאַכט נישט, דאָס פּאַפּיער קען דאָך אַלעס פערטראָגען און אונזערע אתה-בחרתנו'ניקעס אין ליטווישע גמרא-קעפּלעך זײַנען דאָך אַזוי שטאַרק אין פּלפּולים און האָאַר-שפּאַלטערײַ ... אין די ליטווישע „ברך'ן" ווידער זײַנען נאָך עפּעס דאָ קריסטען אויך, וואָס וועלען אויך עפּעס האָבען צו זאָ-

גען אין דעם ענין פון דער אידישער „נאציאנאל-פראגראם", װאָר דאָס איז שוין גאָר אַ קלײניגקײט פאַר די פילוסופן פון ליטע.

יעצט לאָמיר אָננעהמען, אַז אַ אמת'ע קאָנסטיטוציאָן איז שוין אײנגעפיהרט אין רוסלאַנד און אַז די אידען װעלען קריעגען פולע בירגערליכע רעכט. װאָס װעלען דאַן אונזערע אחינו בני ישראל טאָן? װעלען זײ זיצען און װאַרטען ביז די פראַװוױטעלסט-װאָ פון „בונד" װעט פאַר זײ פערטיג מאַכען די „נאַציאָנאַלע פראָ-גראַם", אָדער ביז די סײמיסטען װעלען אויספיהרען זײער פּאַפּירע-נעם פּלאַן — אָדער װעלען זײ אפשר גאָר שלאָגען כפרות מיט דיזע הויך-קלינגענדע טהעאָריעס און זיך פּשוט בענוצען מיט זײער בירגערליכען רעכט צו נעהמען אַנ'אַנטהײל אין די אַנגעלעגענהײ-טען פון אַלע בירגער פון לאַנד און צו בעזעצען זיך אין „טיעף ראַסײ", דאָס הײסט זיך נאָך מעהר צו פערשפּרײטען און אויף די-זער אַרט נאָך מעהר צו דערװײטערען די „נאַציאָנאַלע פּראָגראַם"? איך דענק, נײן, איך בין זיכער, אַז די אידען װעלען טאָן דאָס לעצטע, דען דאָס לעבען איז שטאַרקער פון אַלע טהעאָריעס.

עס פערשטעהט זיך, אַז װען מען װעט שוין האָבען אַ קאָנ-סטיטוציאָנעלע רעגירונג אין רוסלאַנד, װעט די דומע אָדער דער פּאַרלאַמענט צוריקװײזען די פּלענער װעגען אַ אידישע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם אָדער װעגען אַ אידישען „סײם", אײנפאַך אַלס אונבראַק-טיש, אַלס אונדורכפיהרבאַר. נאָר לאָמיר צולאָזען אויף אַ מינוט-אַז די דומע װעט זאָ עטװאָס בעװיליגען פאַר אידען — װאָס װעט, דאַן זײן? װי װעט מען אײנבײסען אַ„אידישען סײם", מיט װאָס װעט מען עסען די „נאַציאָנאַלע פּראָגראַם"?

די ערשטע זאַך װעלען אַלע אידישע נאַציאָנאַליסטען, װען זײ זאָלען שוין שליסען שלום צװישען זיך און אײנשטימען חאָטשע װעגען אײן פּונקט, זיך אַ נעהם טאָן אײנצופיהרען אידישע שולען אום צו רעטען די „אידישקײט" פון די געפאַהרען פון דער אַסימילאַציאָן. פּראַקטיש גערעדט, בעציהט זיך דער גאַנ-צער עסק מיט דער „נאַציאָנאַלער פּראָגראַם" אויף אידישע בילדונגס-אַנשטאַלטען, אַז מען זאָל נאָך חו"ש ניט פערגעסען אַזאַ װיכטיגע קולטורעלע שפּראַך װי אונזער זשאַרגאָן. דען װאָס נאָך בלײבט פאַר ניט פרומע אידען, צו װעלכע אונזערע טהעאָרעטיקער פון די פּועלי-ציון, טעריטאָריאַליסטען און בונדיסטען געהערען, װאָס

נאָך בלײַבט פון דער „אידישקײַט", פון דער יעצט נאָך עקזיס־טירענדער אידישער קולטור ? צו דען װעלען זײַ קעמפּפען פאַר יאַרמולקעס, ציצית, טלתים, קוגלען, מקואות און אַנדערע אַזעלכע אַרטיקלען פון דער װירקליכער אידישקײַט ?

און װען עס זאָל קומען איבערצײַגען פון רײד צו טהאַטען, װען עס זאָל טאַקע פּאַסירען, אַז מען װעט זיך קענען נעהמען צו גרינדען אידישע פאָלקס־שולען, גימנאַזיעס און זאָגאַר אוניװערזיטעטען, װעט מען צוערשט מוזען צוזאַמענ־רופען אַ סנהדרין, אַ קאָנגרעס, אָדער אַ סײם, אויב מען װיל ניט אַנדערס דיזען װאָרט, אום ראשית פעסטצושטעלען אַ געװיסע זשאַרגאָנישע גראַמאַטיקע און אַ בעשטימטע אָרטהאָגראַפיע (װי אויס־צולײגען די װערטער) פאַר די שילערס ; דאַן װעט מען זיך דאַרפען אַ נעהם טאָן צו שאַפען אַ גאַנצע רײהע לעהר־ביכער נאָך דיזער גראַמאַטיקע (דערבײַ איז ניט איבעריג צו בעמערקען, אַז מען װעט אײנפאַך מוזען באָרגען בײַ אַנ'אַנדער שפּראַך נ ײַ ע װ ע ר ט ע ר פיר די נעמען פון פערשײדענע פפלאַנצען, חיות א. ז. װ., דען דער זשאַרגאָן האָט זײַ אײנפאַך ניט), נאַכהער װעט מען האָבען צו זוכען לעה־רערס, װעלכע װעלען אין שטאַנד זײַן דאָס אַלעם איבערצוגעבען אין מאַמע־לשון. קורץ, מען װעט דאָ אַלעס דאַרפען שאַפען פון א ביזות װײַלע אפילו די הײסעסטע ליעבהאָבער פון זשאַרגאָן, אַלע די יעני־נע װאָס רײַסען זיך צו מאַכען דיזען זשאַרגאָן פאַר אַ לײַטעשע נאַציאָנאַלע שפּראַך, װעלען דאָך האָפענטליך צוגעבען, אַז די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור איז נאָך הײנט צו טאָג אַ גאַנץ אָרימע.

אויסער דעם װעט מען נאָך האָבען צו פיהרען אַ קאַמפף מיט רבנים און פרומע אידען, װעלכע װעלען נאַטירליך שטרעבען צו ק אָ נ פ ע ס י אָ נ ע ל ע ש ו ל ע ן, װעלכע װעלען אַרױסטרעטען פאַר חדרים און ישיבות, װאו מען זאָל נאָר „אַביסעלע" לערנען פ ן די חכמות אומות העולם. און פערגעסט ניט, אַז אָט די אידען זײַנען נאָך די מאַיאָריטעט ! װײַטער װעט מען אויך זיך צוזאַמענ־שטױסען מיט אַזעלכע ציוניסטען, װעלכע װעלען פערלאַנגען, אַז די לעהרשפּראַך אין די אידישע שולען זאָל גאָר זײַן לשון קודש, װאָס עס איז גאַנץ לאָגיש פון אַ רײן־נאַציאָנאַליסטישען אידישען שטאַנדפּונקט. דערצו נאָך װעט דער זשאַרגאָן, װאָס װעט קריגען די הסכמה פון אַ סנהדרין אין דער ליטאָ, ניט שטימען מיט דעם

זשאַרגאָן אין פּוילען, אין גאַליציען, אין רומעניען, אין זיד־רוסלאַנד, דען עס עקזיסטירען דאָך וויניגסטענס צוויי זשאַרגאָנישע דיאַלעקטען.

נאָר דאָס זיינען אַלץ נעבענזאַכען. לאָמיר צוגעבען, אַז דער זשאַרגאָן איז אַ קולטורעלע שפּראַך און אַז די אַלע טעכנישע און אַנדערע שוועריגקייטען, אויף וועלכע איך האָב דאָ אָנגעוויזען — מען קען נאָך געפינען אַנדערע שוועריגקייטען — וועלען בעזיי־טיגט ווערן אַזוי לייכט און שנעל ווי עס רעדט זיך. פרעגט זיך אָבער, פּראָסט אידיש גערעדט, צו וואָס דאַרף מען דיזע גאַנצע חתונה? וואָס פאַר אַ פּראַקטישען נוצען וועט דער איד האָבען, ווען ער וועט שוין אַלע שבע חכמות אויסלערנען אין זשאַרגאָן? וועט עס דען ניט זיין איינפאַך אַן׳אומזיסטיגער צייט־פערטרייב פון אַ פּראַקטישען שטאַנדפּונקט? וועלען איהם דען די לעבענס־בעדינ־גונגען, די געוועהנליכסטע פאָרדערונגען פון פּראַקטישען לעבען ניט צווינגען צו ערלערנען דאָס זעלבע אין דער לאַנדעסשפּראַך? וואו וועט ער קריגען בעשעפטיגונג, צו וואָס וועט ער זיך קענען נעהמען, ווען ער וועט ניט קענען רוסיש אין רוסלאַנד, א. ז. וו.?

די אַלערלייע נייע מאָדנע רעטערס פון יודענטהום וועלען דאָ באַלד דערויף ענטפערן, אַז זיי מיינען גאָר ניט אַנדערש, ווי אַז מען זאָל „אויך" לערנען די לאַנדשפּראַך אין זייערע אידישע שולען. אָבער צו וואָס, פרעגט זיך, זאָל מען די אונגליקליכע אידישע קינדער בעלעסטיגען מיט אַזוי פיעל לערנונג? בערעכענט נאָר — אי לשון קודש, אי אַ בעשטימטע לאַנדשפּראַך אין צוגאָב צו דער געוועהנליכער שול־בילדונג, וואָס זאָל געפיהרט ווערן אין זשאַרגאָן! איז דאָס דען ניט צופיעל? וואַרום וויל מען נאָך אָנהענגען אויף דעם אונגליקליכען ישראליק אַ פּעקעל מיט נייע לאַסטען, מיט נייע צרות — האָט ער דען ניט גענוג אַלטע?

אָבער מיר מעגען זיך בערוהיגען, עס וועט דערצו ניט קומען. די אידישע עלטערן, וואָס שיקען אויך יעצט ניט זייערע קינדער אין געוועהנליכע חדרים און ישיבות, וועלען געוועהנליך אויסקלייבען ניט זשאַרגאָנישע שולען, נאָר אַזעלכע, וואו מען וועט אַלעם לערנען אין דער לאַנדשפּראַך. זאָל מען נאָר ניט בעשרענקען אָדער אויף אירגענד וועלכער אַרט און וויזע ניט שווער מאַכען דעם צוטריט פון אידישע קינדער אין די רוסישע שולען, וועט איהר שוין זעהען, וואוהין אידען וועלען שיקען זייערע קינדער, וואָס פאַר אַ פּנים עס

וועלען האָבען זשאַרגאָנישע שולען, אויב אַזעלכע שולען וועלען זיך קענען לאַנג אָנהאַלטען, ווען מען וועט זיי שוין גרינדען.

איך ערקלער דאַרום, אַז דאָס זענען פוסטע חלומות, שער־ליכע פערדרעהעניסען, שעדליכע ספּעציעל פאַר דעם אידישען אַרבייטער, וועלכער דאַרף שטענדיג אין אויג האָבען זיין קלאַסען־קאַמפּף. אויב די אידישע מאַסע וועט זיך טאַקע אויף קיין פאַל ניט אַסימילירען, ווי די אַלערליי מאָדערנע אתה־בחרתנו'ניקעס מיינען, דאַן הייסט עס דאָך ניט, אַז דער אידישער נאַציאָנאַלער גייסט ליעגט פערבאָרגען דוקא אין זשאַרגאָן און אַז אָהן דעם זשאַרגאָן וועט נאָך חו"ש די גאַנצע אידישקייט חרוב ווערן. יעדערער ווייס, אַז אין טירקיי, האָלאַנד, ענגלאַנד א. ז. וו. געפינען זיך גענוג פרומע, כשר'ע אידען, וואָס פערשטעהען אַ וואָרט ניט פון דעם היילינען זשאַרגאָן. אגב אורחא, עס עקזיסטירט נאָך אַ אידיש־שפּאַנישער זשאַרגאָן, אויף וועלכען מען גיט אויך אַרוים צייטונגען פאַר אידען — וואָס זאָל מען מיט איהם טהאָן?

נאָר אַזוי ווייט דערגרייכט, דאַכט זיך, ניט די ממשלה פון די סיימיסטען און בונדיסטען. דער „בונד" האָט אפילו גענאַמט די פּרעטענזיע צו זיין דער „איינציגער" פערטרעטער פון אידישען פּראָלעטאַריאַט, צו האַלטען אונטער זיין רשות ניט נאָר אַלע אידישע אַרבייטער פון ליטאָ, זאָנדערן אויך פון פּוילען, און ניט נאָר פון פּוילען, זאָנדערן אויך פון זיד־רוסלאַנד, פון גאַנץ רוסלאַנד און סיביר אַזש ביז וולאַדיוואָסטאָק, און ניט נאָר פון גאַנץ רוס־לאַנד, זאָנדערן אויך פון גאַליציען, און ניט נאָר פון גאַליציען, זאָנדערן אויך פון אַמעריקאַ; נאָר אין טירקיי איז ער נאָך, ווי ווייט מיר ווייסען, ניט פערקראָכען.

* *
*

אָבער שפּאַס אָן אַ זייט, דער „בונד" איז ליידער אַראָפּ פון גלייכען וועג מיט זיין צוזעטשעפּעטער נאַציאָנאַל־פּראָגראַם, פון וועלכער ער האָט זיך נאָך אָפען ניט אָפּגעזאָגט, טראָץ דעם, וואָס ער האָט שוין בעשלאָסען אָבצוזאָגען זיך פון זיין פּאַרטייאישען אתה־בחרתנו'ניזמוס און צו ווערן אַ טהייל פון דער רוסישער ס. ד. פּ.

ער האָט אָנגעפאַנגען זעהר גוט אַלס דער אידישער פליגעל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דער ליטאָ און האָט אויפגעטאָן, די וואַרהייט צו זאָגען, זעהר פיעל פיר דעם אידישען

פראָלעטאַריאַט, ספּעציעל דורך זיין פּרעסע. אָבער דער שנעלער ערפאָלג, וועלכער איז אַרויסגערופען געוואָרן דורך די ספּעציעלע בעדינגונגען אין ליטאָ, האָבען איהם אַ ביסעל פערדרייהט דעם קאָפּ און ערוועקט אין איהם אַ צו גרויסע אַמביציע צו פיהרען און ווייניגסטענס צו בעאיינפלוסען די אידעשע אַרבייטער איבעראַל, וואו נור מען פערשטעהט דעם אידיש-דייטשען זשאַרגאָן. פון אַ לאָקאַלע אָדער העכסטענס אַ ראַיאָנע אָרגאַניזאַציע האָט ער געשטרעבט צו ווערן אַן אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון אידישע אַרביי-טער. ער האָט געמיינט, אַז וואו נאָר זיינע שריפטען דערגרייכען, ווערן געלעזען, געפינענדיג נאַטירליך אַ סימפּאַטישען אָפּקלאַנג צוליעב זייער סאָציאַליסטישען אינהאַלט, דאָרט קען ער שוין אָרגאַ-ניזירען אויך פעראיינען נאָך דעם מוסטער פון די ליטווישע. פרעסע און אָרגאַניזאַציאָן זיינען אָבער צוויי פערשיעדענע זאַכען. די סאָציאַליסטישע פרעסע איז ניט צוגעבונדען צו אַ בע-שטימטען אָרט. דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזמוס איז אַל-וועלט-ליך, אינטערנאַציאָנאַל; אָבער ווען עס קומט צו אָרגאַניזירען אַר-בייטער אויף די פּרינציפּען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, מוז מען זיך רעכענען ניט נאָר מיט די ספּעציעלע אומשטענדען פון יעדען לאַנד, פון יעדער נאַציאָנאַליטעט, זאָנדערן אויך פון יעדען בעזונדערן אָרט.

די אָרגאַניזאַטאָרען און פיהרערס פון „בונד" האָבען אָבער, אין זייער נאַטירליכען שטרעבען וואָס וויטער צו פערשפּרייטען דעם סאָציאַליזמוס אין די אידישע מאַסען, פערגעסען אָן אַזעלכע פער-שידענהייטען. דאָס וואָס עס האָט זיי געשיינט צו זיין ריכטיג פיר די אידען אין ליטאָ, דאָס וואָס עס איז געווען צוגעמאָסטען צו די ספּעציעלע אומשטענדען אין ליטאָ, האָבען זיי פערטיגערהייט אַרי-בערגעטראָגען אין זיד-רוסלאַנד, אין פּוילען. דער „בונד" איז, קען מען זאָגען, מיטגעשלעפּט געוואָרן מיט דעם שטראָם פון דער עמיגראַציאָן אויס ליטאָ. די גרינדער און די ערשטע מיטגליעדער פון די לאָקאַלע פעראיינען פון „בונד" אויסערהאַלב ליטאָ זיינען אויך געווען ליטוואַקעס.

מיט איין וואָרט, ליטאָ האָט געהערשט. ליטאָ, וואָס איז פריהער געווען און פערבלייבט נאָך יעצט אויך אַ צענטער פון תלמודיזמוס, איז געוואָרן אַ צענטער פון דער אידישער אַרבייטער בעוועגונג.

איך פערגין עס, נאַטירליך, אונזערע ליטווישע חברים פון

גאַנצען האַרצען, און איך בין זיכער, אַז יעדער אויפריכטיגער סאָ-
ציאַליסט, ווי ווייט ער זאָל ניט זיין גענגען די נאַציאָנאַלע פּראָג-
ראַם פון „בונד", אָדער ווי ווייט ער זאָל ניט זיין איינגעגלויבט
אין דעם פּועלי-ציוניזמוס, קען זיך נאָר פרעהען, ווען דער סאָציאַ-
ליזמוס ווערט פערשפּרייטעט צווישען די אידישע אַרבייטער. מיר
ווינשען און מיר דאַרפען אויך ווינשען דעם בעסטען ערפאָלג דעם
„בונד", ווי באַלד ער וועט בלייבען אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָר-
גאַניזאַציאָן אויף דעם גרונד פון ריינעם פּראָלעטאַרישען קלאַסען-
קאַמפּף אָהן שום נאַציאָנאַלע פערדרעהעניסען. אָבער מען דאַרף ער-
קלערען, אַז דאָס וואָס עס מעג גוט זיין פיר ליטאָ, מעג ניט טויגען
פיר זיד-רוסלאַנד און נאָך ווייניגער פיר פּוילען. איך דענק צו-
זאַמען מיט איהר, וואָס איהר פערבלייבט טריי צו דער פּוילישער
סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אַז די אידישע אַרבייטער אין פּוילען און
אין גאַליציען דאַרפען זיך צופּאַסען צו די בעדינגונגען אין דיזע
לענדער, אַז זיי דאַרפען מאַכען יד אחת מיט זייערע פּוילישע ברי-
דער, אַז זיי דאַרפען אָנשטרענגען אַלע זייערע קרעפטען זיך וואָס
שטאַרקער צו אָרגאַניזירען עקאָנאָמיש און פּאָליטיש, אָבגעזעהען
פון אירגענד וועלכע אַסימילאַטאָרישע אָדער נאַציאָנאַלע שטרעבונגען.

*
* *

איך האָב ש'ין געזאָגט און איך זאָג עס נאָך אַמאָל, אַז די
לאַגע אין פּוילען איז אַנ'אַנדערע ווי אין ליטאָ. דאָרט, אין ליטאָ,
פערנעהמען די אידען אַ בעזונדערע שטעלונג. דאָרטען וואָהנען
אויסער אידען פיער נאַציאָנאַליטעטען: ליטווינען, פּאָליאַקען,
ווייס-רוסען און רוסען. קיינע פון זיי בילדעט ניט אַ מאַיאָריטעט
אין לאַנד און קיינע פון זיי האָט נאָך ניט בעפעסטיגט איהר
קולטור. ווען ליטאָ וואָלט ניט אָבגעריסען געוואָרען מיט געוואַלט
פון פּוילען, וואָלט דאָרטען נעהערשט די פּוילישע קולטור אַזוי ווי
אין גאַליציען ווייניגסטענס. איך קען זיך דאָ ניט אַריינלאָזען נע-
העטער אין דיזען ענין, אָבער איך וועל פערביינגעהענדיג בעמער-
קען, דאָס ווען מען זאָל ווירקליך איינפיהרען אַ ריכטיגע פעדעראַצי-
אָן אין דער רוסישער איספּעריע און געבען יעדער נאַציאָנאַליטעט
ווירקליכע אויטאָנאָמיע, דאַן וועט מען ליטאָ דאַרפען צוטהיילען
ווענינגסטענס אין פ י ע ר ראַיאָנען אָדער טעריטאָריעס: אין אַ עכט
ליטווישע, אַ ווייס-רוסישע, אַ פּוילישע און רוסישע. דער פּוילי-

שער מהיל וועט דאן איינגענטליך איבערגעהן צו פּוילען. אויסער דעם וועלען אין ליטאָ פערבלייבען אַ סך ערטער מיט אַ ג ע מ י ש‎־ ט ע ר בעפעלקערונג. די אידען, וועלכע געפינען זיך אין אַלע טהיילען, וועלען אויף דיזער וויזע נאָך מעהר אָבגעטהיילט ווערען, וואָס עס וועט גאָר ניט פרעהליך זיין פאַר אונזערע „סיימיסטען" און אַלע אתה־בחרתנו׳ניקעס. ווען מען וויל ניט זיין צענטראַליס־ טיש, קען מען גאָר ניט רעדען פון איין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין גאַנץ ליטאָ. דערוויילע, ווען עס האַנדעלט זיך איינפאַך צו בעקעמפּפען די אָטאָקראַטיע (זעלבסטהערשונג) און איינצופיהרען אַ ריכטיגע קאָנסטיטוציע אין גאַנץ רוסלאַנד, האָבען נאָך די סעפּאַ־ ראַטיסטישע בעוועגונגען קיין גרויסע פּראַקטישע בעדייטונג, אָבער עס וועט קומען אַ צייט, ווען אין ליטאָ וועלען זיך אָנפאַנגען רייסעריי[א]ען און פערדרעהעניסען וועגען ראַיאָנען און עס וועט אויס־ ברעכען אַ נאַציאָנאַלער קאַמפּף אַזוי ווי אין עסטרייך.

אָבער לאָמיר איבערלאָזען די צוקונפט צו דער צוקונפט. די פערגאַנגענהייט צייגט אונז יעדענפאַלס, אַז די געוואַלטיגע רוסיפיצירונג זייט מוראַוויאָוו׳ס תליות האָט בלויז אָנגעריהרט די שטאָדטישע בעפעלקערונג, אָבער ניט די דאָרפישע. ספּעציעל, קען מען זאָגען, האָט דיזע רוסיפיצירונג געהאַט אַנ׳ערפאָלג ביי אַ געוויסען טהייל פון דער א י ד י ש ע ר בעפעלקערונג, נעמליך: ביי דעם טהייל, וואָס האָט געשטרעבט צו אייראָפּעאישע בילד־ דונג. דיזע בילדונג האָט מען געוועהנליך נאָר געקענט בעקומען אין רוסישע שולען, און אַהין האָבען אידען געשיקט זייערע קינ־ דער, וואָס וויימער אַלץ מעהר, ביז די רעגירונג האָט עס אָבּ־ געהאַקט דורך דעם בעריהמטען אוקאַז וועגען די פּראָצענטען פון אידישע קינדער אין רוסישע גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטען.

די רעזולטאַטען פון דיזען אוקאַז זענען צו גוט בעקאַנט, זיי זענען יעצט פאַר אונזערע אויגען. די אידען אין רוסלאַנד זע־ נען דורך דעם נאָך מעהר אָבגעזונדערט געוואָרען, ווי דורך די אַלטע אויסנאַהמס־געזעצען, און דאָס איז געווען ווי אַ גוטער ווינט פאַר די מיהלען פון די ציוניסטען. אין ליטאָ האָבען די אידען איינפאַך ניט געהאַט מ י ט ו ע מ ע ן זיך צו אַסימילירען, ווי באַלד די רוסישע רעגירונג האָט זיי אפילו אין איהרע שולען נ ט אַריינגעלאָזען. דערצו זיינען די אידען די פּראָפּאָרציאָנעל מעהר

אין ליטאָ, ווי אין אירגענד וועלכען אַנדערן גלות-לאַנד, און די אידישע בילדונג, מיר מיינען דיא תלמודישע, איז דאָרט שטענדיג געשטאַנען העכער, ווי אַנדערסוואו. דאָס אַלעס איז געווען אַ זעהר גינסטיגער באָדען פאַר די אידישע אינטעליגענטען וואָס האָבען פריהער זיך בעטהייליגט אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער בעווענונג.

ווען דיא אינדוסטריע האָט זיך בּיסלעכווייז אָנגעפאַנגען צו ענטוויקלען אין דיא ליטווישע שטעט און שטעטלעך, און עס איז אויפגעקומען אַ אידישער פּראָלעטאַריאַט, האָבען זיך אויך געפונען גענוג אינטעליגענטע קרעפטען, וועלכע האָבען געראַט אי אַ אייראָ-פּעאישע בילדונג אי האָבען געקענט אַגיטירען צווישען די אידישע מאַסען אין מאַמע-לשון. דיזע קרעפטע, וועלכע האָבען געגרינדעט דעם פערבאַנד פון דיא ניי-אויפּגעקומענע פעראיינען פון אידישע אַרבייטער אָדער, וויא מען האָט איהם אָנגעפאַנגען צו רופען וועגען קורצקייט וועגען, „דער בונד" — דיזע קרעפטע זיינען געוואָרן דיא נאַטירליכע פיהרער פון דער גאַנצער אַרבייטער בעוועגונג אין ליטאָ. אין דיא ליטווישע שטעטלעך, וואו דיא גאַנצע אינדוסטריע איז געלעגען אין אידישע הענד, האָט מען טאַקע טעהר ניט בעדאַרפט, ווי אַ אידישע לאָקאַלע אָרגאַניזאַציאָן און אַ פערבאַנד פון וואָס מעהר אַזעלכע לאָקאַלע אָרגאַניזאַציאָנען, אַ מין „פעראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען", וואָס דער „בונד" איז אייגענטליך געווען. אין אַזעלכע שטעטלעך האָבען דיא אידען טאַקע געקענט מאַכען שבת פאַר זיך, האַלטען זיך אָבגעזונדערט פון דיא רוסען און פּאָליאַקען און פיהרען זיך זעלבסטשטענדיג.

אָט אויף דיזען ספּעציעלען באָדען איז דער „בונד" אויסגעוואַקסען, דאָרטען שעפּט ער אויך יעצט אַלע זיינע קרעפטע. אָבער וואָס מעהר ער איז געוואַקסען און וואָס גרעסער זיין טהעטיגקייט איז געוואָרן, האָט ער זיך אַלץ מעהר צוזאַמענגעשטויסען מיט די ציוניסטען, וועלכע האָבען אויך געפונען אַ גינסטיגען באָדען אין דער ליטאָ, וואו דיא אינדוסטריע איז נאָך אַלעמען אַ קליין-בּיר-גערליכע; און אום זיי ליכטער צו בעקעמפּפען, אום צו צוציהען אַ גרעסערע מאַסע אויף זיין זייט, האָט זיך דער „בונד" אַ לאָז געטאָן אויף אַן אָפּאָרטוניסטישען וועג, אויף אַ וועג פון קאָמפּראָ-מיסען און פשרות, און דיא קרוינונג דערפון איז דיא „נאַציאָנאַל-פּראָגראַם", וואָס האַלט ניט אויס דיא מינדעסטע קריטיק,

ווירקליך, דיזע „פראגראם" איז געווען א געשיקטער דיפלא=
מאטישער שריט; די צאהל פון די בונדיסטען איז טאקע שנעל
אויפגעשוואלען געווארען; אבער איך גלויב, אז דאס וואס דער
„בונד" האט געוואונען אין דער קוואנטיטעט (צאהל) האט גאר ניט
געשטימט מיט דער קוואליטעט (מעלה), ווייל מען מעג גאנץ אונ=
פארטייאיש אננעהמען, דאס אין אזא רעוואלוציאנערער צייט,
וועלכע רוסלאנד מאכט דורך, זיינען אויך צוגעשטאנען צום „בונד"
קליינבירגערליכע עלעמענטען.

אין דער וועלכער צייט האט דיזער שריט געהאט נאך אנ'אנ=
דער ספעציעלע ווירקונג — די „נאציאנאלע ווערעמוא", און נאך איהר
און מיט איהר די גאנצע אנטיסעמיטישע פרעסע, האבען עס אונ=
טערגעכאפט, אום דערמיט בעשטימפערליך צו צייגען, אז די גאנצע
רעוואלוציאן אין רוסלאנד שטאמט נאר פון די זשידעס — ווער=וועד,
נאר דיא אנטיסעמיטען צווייפלען גאר ניט, אז אידען זיינען א נאציאן. —
זיי האבען עס אומגעוואנדעלט דעם „בונד" אין א סטראשידלע פאר
דיא רוסישע רעגירונג, אום בעסער צו העצען נעגען אלע אידען.
וואו נור אידען האבען זיך אויסגעצייכענט אין דער רוסישער רעוואָ=
לוציאנערער בעוועגונג, האט מען עס תיכף ומיד צוגעשריבען צום
„בונד". מען האט וואגאר צוגעשריבען דעם „בונד" טעראריסטישע
אקטען, וועלכע האבען זיך איהם אפילו ניט געחלומ'ט. זא, צום
ביישפיעל, האט מען איבער דער גאנצער וועלט פאנאנדערגעשיקט
טעלעגראמען, אז אין דעם „בלוטיגען מיטוואך" אין ווארשע האבען
אויך בונדיסטען אנטהייל גענומען.

אבער ניט דאס בין איך דא אויסען. דאס איז א פערגאנ=
גענע זאך און, האפענטליך, ווערט עס באלד אויך זיין א פערגעסענע
זאך. יעצט טהעט דער „בונד" אריין אין דער אלגעמיינער רוסישער
סאציאל=דעמאקראטישער פארטיי. ער ברעקעלט זיך נאך אביסעל;
עס פלאנטערט זיך נאך אין זיינע רייהען דער חלום וועגען דיא
„נאציאנאלע פראגראם" און עס ווערט נאך ווארשיינליך דיא ערשטע
צייט ניט גלאט צוגיין מיט דיזער פעראייניגונג, וועלכע איז
אייגענטליך געווען ניט א פרייוויליגע, נאר א ג ע צ וו א ו נ ג ע נ ע,
וויא מען קען עס אויך שליסען אויס, ווען מען לעזט דיא בעשריב=

מען פון לעצטען בונדיסטישען צוזאַמענפאָהר אין דעם בונדיסטישען מעגליכען אָרגאַן. דיא סאָלדאַטען זיינען דאָ אַריבער איבער דיא קאָפּ פון דיא גענעראַלען און געמאַכט אַן ענד צו אַ שפּאַלטונג, וועלכע האָט יעצט פערלאָרען יעדען זינען. דאַרום דענק איך, אַז דיא פעראייניגונג וועט ריכטיג דורכגעפיהרט ווערן און אַז דיא אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען פון ליטאַ, וואָס האָבען זיך גרופּירט אונטער דעם נאָמען „בונד", וועלען יעצט געהן אויף דעם ריכטיגען פּראָלעטאַרישען וועג צוזאַמען מיט זייערע קריסטליכע ברידער.

נאַטירליך, מיט דעם אַריינטרעטען פון „בונד" אין דער רוס־לענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי בלייבט נאָך אָפען די פראַגע וועגען צענטראַליזאַציאָן און דעצענטראַליזאַציאָן, די פראַגע, וועלכע שיידעט ספּעציעל אָב די פּ. פּ. ס. פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. נאָר דיזע פראַגע וועל איך דאָ ניט בעשפּרעכען. איך גלויב, דאָס ווען דער „בונד" וועט אויפריכטיג זיך האַלטען אויף דעם וועג פון פעראייניגונג מיט די קריסטליכע פּראָלעטאַריאַטען אין ליטאַ, וועט ער אויך איינזעהען, אַז ער דאַרף ניט גראַדע אונטערשטיצען די צענטראַליסטישע טענדענצען פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און דאַרף זיך ניט אָבזונדערן פון דער פּ. פּ. ס., צו וועלכער די אידישע אַרבייטער פון פּוילען דאַרפען געהערען און וועלען געהערען.

דאַן וועלען דיזע אַרבייטער אויך קענען געהן האַנד אין האַנד מיט דעם „בונד". וואָס איז שייך די אינטערעסען פון אידישען פּראָלעטאַריאַט, שטייהען זיי יעצט אויף דעם זעלבען שטאַנדפּונקט, אויף וועלכען דער „בונד" איז געשטאַנען איידער ער האָט זיך פער־פלאָנטערט מיט אַ „נאַציאָנאַלער פּראָגראַם". יעדענפאַלס איז עס ציים, אַז דער אידישער פּראָלעטאַריאַט אין „תחום" זאָל זיך ניט צוטהיילען אין קליינלעך, אין פּאַרטייעלעך, זאָל זיך ניט אַרום־ביסען וועגען פּאַפּירענע פּראָגראַמען, קליין־בירגערליכע פּער־זעהעניסען, נאָר זאָל קעמפּפען פיר זיינע ריכטיגע קלאַסען־אינטערעסען, פיר די אינטערעסען פון גאַנצען פּראָלעטאַריאַט, פיר די צוקונפט פון אמת'ע פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט אונטער דער רויטער פאָהנע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל